# א * ל * מ * א * נ * א * ך

א. יאקובאוויטש







פארלאג „אידישער קריגס-אינוואליד“



# אין יענע טעג

## אלמאנאך

געזאמלט און באארבעט פון

א. יאקובאוויטש

1937

פארלאג »אידישער קריגס־אינוואליד«, ריגא, בלאומאַניאַ יעלא 21

# אינהאַלט:



# די אָנזאָגער פון לעטישער פרייהייט

## צו דער געשיכטע פון די לעטישע שיסער־באַטאַליאָנען

א ז מען באַגלייט מיט מוזיק און פאָנען אַפן ברודער־בית־עולם אַן אַלטן לעטישן שיסער, בלייבן די פאַרבייגייער שטיין און מיט אַנטבלויזטע קעפ לאָזן זיי פאַרביי דעם טרויער־צוג. זיי דערמאָנען זיך אָן ברומען פון די ווייטע האַרמאַטן, פילפאַרביקע שטערן פון די ראַקעטעס און בלוטיקע שלאַכטן אַפן ריגער פראָנט, נאָך וועלכע דער ברודער־קבר פלעגט גיך פאַרוואַקסן ווערן מיט קברים.

*

מיט אַכצן יאָר צוריק איז לעטלאַנד געוואָרן אַ פרייע מלוכה; נאָך אַ געשיכטלעכן איבעררייס פון כמעט אַכט הונדערט יאָר איז דאָס לעטישע פאָלק ווידער געוואָרן אומאָפּהענגיק. דאָס האָט אויפגעטאָן דער כח און פעסטער ווילן פון פאָלק, דאָס האָט אַף זיינע פּלייצעס אַרויסגעטראָגן דער לעטישער זעלנער, וואָס איז אין די סאַמע טרויעריקסטע שעהן שטענדיק וואַך געווען, און וואָס האָט העלדיש פאַרטיידיקט אין די אומאָפּהערלעכע קאַמפן דאָס פאָלק און מלוכה. די געשיכטע ווייס ניט פון אַזאַ ביישפּיל, ווען אַ קליינער פאָלק, איינגעצאַמט פון אייזן און פייער, זאָל אַרויסווייזן אַזויפיל העלדישקייט און אויסדויער; פאַר דעם האָט מען קודם כל צו פאַרדאַנקען דעם לעטישן זעלנער.

די ערשטע שוואַלבן און די אָנזאָגער פון דער פרילינג־עפּאָכע פאַרן לעטישן פאָלק זיינען געווען די לעטישע שיסער־באַטאַליאָנען; זיי לעבן אויך אין אונזער געדעכעניש די גרויסע טעג פון די

# דעם פאָלקסהעלד*

### עד. ווירזא

ניט טירעלפּורווס און אויך ניט נאַהוועסאַלא,
ניט קיין גראַנאַט, וואָס רייסט אַן אַ „פאַרוואָס“,
ניט קוילנוואַרפער, נאָר איין ביקסן־שאָס
געוואָרט האָט דיך, ערשט דאַן ביסטו געפאַלן.

פון דיין גאָלגאָטאַ קומסטו, פון אָרט פון די קבורה
פון ווייטן, פון ווילדפרעמדן לאַנד.
דו קומסט אַף לעטיש ערד, וואו דורות נאָכאַנאַנד
האָט אונזער פאָלק געקעמפט מיט העלדנגבורה.

און קרוינען וועט דאָס פאָלק דיין שטערן
מיט שטראַלנקרענץ און רום אַף אַלע צייטן.
די שכינה רוט אַף דיר, און ס'וועט זיך הערן
דיין שם אין שטאָט, אין אירע ווייטסטע ווייטן.
אין טאָג ווען דו וועסט באַלד נתעלה ווערן
אַפן לאַפּעט — אַף אַלע אייביקייטן.



פר. בריעדיס.

*) דעם שיר האָט דער באַוואוסטער לעטישער דיכטער עד. ווירזא געווידמעט דעם פאָלקאָווניק פר. בריעדיס, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט אין די שלאַכטן קעגן די דייטשן אין טירעלפּורווס און אַפן נאַהוועסאַלאַ.



שלאַכטן באַ דער דאוגאַוואַ, לאַזשמעטעיו קאַלנס, קעקאַוואַ, טירעלער זומפּן, נאַוועס־אינזל און אַף די פעלדער פון קורזעמע.

אין הערבסט 1915 האָבן זיך אין ריגאַ באַוויזן נאָך לאַנגע יאָרהונדערטער לעטישע נאַציאָנאַלע טיילן (אמת, זיי זיינען געווען אין רוסישע מיליטער־אוניפאָרם). דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון גאָלדמאַנס און זאַליטס אויפרוף צו דער לעטישער יוגנט אַריינטרעטן אין די שיסער־באַטאַליאָנען. און גאָר גיך זיינען די רייען פון די באַטאַליאָנען געווען פול מיט פריוויליקע. אַלע זיינען זיי געווען פאַרכאַפּט פון איין דראַנג: פאַרטיידיקן דעם כבוד פון לעטישן פאָלק פון די דייטשע אָנפאַלער, וואָס האָבן געטראָגן אומגליק און פאַרניכטונג אין די לעטישע שטעט און דערפער.

די גרינדונג פון די לעטישע שיסער־באַטאַליאָנען איז צוגעגאַנגען ניט לייכט; די אָפיצערן און זעלנער איז אויסגעקומען דורכצומאַכן גרויסע שוועריקייטן, כדי אַרויסצוטרעטן פון די רוסישע טיילן אין די שיסער־באַטאַליאָנען. אין די „הויכע ספערן“ זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען די מיינונגען וועגן דערלאָזן גרינדן ספּעציעלע לעטישע טיילן אין דער רוסישער אַרמיי. ניקאָלאַי דער צווייטער אַליין האָט געהאַט אָפן דערקלערט דעם גענ. קורלאָוו, אַז ער וועט ניט געבן זיין חתימה פאַר די באַטאַליאָנען, ניט בעסער האָט זיך אין דער פראַגע געהאַלטן די צאַרין אַלעקסאַנדראַ פיאָדאָראָוונאַ, וועלכע פרעגט אָן דעם קיסר אין אַ בריוו צו אים, צי האָט ער זיך ענדלעך אַנטשלאָסן פאַנאַנדערצולאָזן דעם לעטישן לעגיאָן. בלי ספק, האָבן דאָ געשפּילט אַ ראָלע אויך אַנדערע פערזאָנען און שיכטן, באַזונדערס די באַלטישע באַראָנען, וועמעס פאַרשטייער עס האָבן באַם קייזערלעכן הויף פאַרנומען די העכסטע פּאָסטנס. אָבער דער געוויטער איז פאַרביי און דעם ערשטן און צווייטן אויגוסט 1915 האָט מען די שיסער אַרויסגעפירט אַפן לערן־פּלאַץ אין מילגראַוויס; מען האָט געלערנט גאָר אייליק און שוין אין אָנהויב אָקטיאַבר גייען זיי אַוועק אַפן פראָנט. אין זייער אַרויסבאַגלייטונג האָט זיך באַטייליקט גאַנץ ריגאַ, באַשיטנדיק זיי מיט בלומען. אַלעמענס הערצער האָבן געציטערט פאַר די שיסערס, וואָס זיינען זאָרגלאָז געגאַנגען דעם טויט אַנטקעגן, כדי צו ברייגען דעם פאָלק לויב און זיגן. שוין אין די דאָזיקע ערשטע שלאַכטן, אין וועלכע עס האָבן זיך באַטייליקט די לעטישע שיסער־באַטאַליאָנען, האָבן די לעצטע זיך דערוואָרבן די ערשטע לויב־געזאַנגען, וואָס האָבן אָפּגעהילכט אין גאַנץ רוסלאַנד. אַפילו די פראַנצויזישע און ענגלישע קריגס־מיסיעס זיינען געקומען אין די שיסער־באַטאַליאָנען, כדי זיך נעענטער צו באַ־



# דער שפּיל פון גורל

נאָוועלע פון ע. טירומניעק.

דער טאָג האָט זיך דערנעענטערט צו זיין סוף.

די ווייסע אַרמיי האָט נאָך אַ קאָנטער־אַטאַקע געיאָגט די רויטע צוריק, צו צפון. דער איבערפאַל פון די רויטע איז אָפּגעשלאָגן געוואָרן און אין איילעניש האָבן זיי אָפּגעטראָטן אָפּשיסנדיק זיך פיבערדיק. לעבעדיק האָבן געאַרבעט די פּולעמיאָטן, טראָגנדיק טויט אין די רייען פון שונא, אָבער די ווייסע זיינען געגאַנגען מיטן פייער פון די ביקסן פאָרויס. וואַקלדיק איז דער מזל אין די שלאַכטן, דאָ איז ער באַ איינעם, דאָ באַם אַנדערן קעמפנדיקן צד. היינט האָט ער אויפגעשמייכלט די ווייסע.

לייטענאַנט וואַלדים וויידניעקס האָט זיך אין איילעניש איינגעגראָבן מיט זיינע סאָלדאַטן אַף אַ בערגל, פון וואַנעט ער האָט אונטערן פייער געקאָנט האַלטן די רויטע. אַ העלפט פון וויידניעקס זעלנער זיינען שוין געווען געפאַלן אָדער פאַרוואונדעט, די איבעריקע זיינען ביז טויט געווען פאַרמאַטערט.

די רויטע האָבן זיך האַרטנעקיק אָפּגעשאָסן פון אַ דערבייאיקער קאַזאַקישער סטאַנציע, אָבער די מאַרקאָווצעס — וויירניעקס פאָלק — האָבן זיך געשטאַרט זיי אַרויסצושלאָגן פון די אָקאָרשט פאַרנומענע פּאָזיציעס, כדי זיי זאָלן זיך ניט קענען צונויפנעמען פאַר אַ גרעסערן קעגנאָנגריף. רעכטס און לינקס פון וויי־

קענען מיט די זין פון דעם זיי פרעמדן פאָלק. איבעראַל האָט מען זיך געפרייט מיט זיי, דאָס לעטישע פאָלק האָט באַוויזן, אַז די שיסער זיינען ניט נאָר קיין אויסגעצייכנטע פויערים, נאָר פאַרשטייען אויך צו פאַרטיידיקן זייער כבוד און גורל. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז קעמפנדיק העלדיש אַפן פראָנט, טראָגן זיי אויך פרייהייט דעם פאָלק.

עס זיינען פאַרביי אייניקע חדשים און פון די לעטישע באַטאַליאָנען האָבן זיך אויסגעבילדעט שטאַרקע מיליטער־טיילן, מיט וועלכע מען האָט שוין געקאָנט אָנהויבן ברייטערע סטראַטעגישע אָפּעראַציעס קעגן דעם שונא. אינאָנהויב זיינען אין איטלעכן באַטאַליאָן געווען פיר ראָטעס, וועלכע מען האָט שפּעטער פאַרגרעסערט ביז אַכט. און אינמיטן 1916 זיינען שוין געווען אַזעלכע אַכט באַטאַליאָנען, וועלכע מען האָט שפּעטער פאַראייניקט אין צוויי בריגאַדעס, צו פיר פאָלקן אין איטלעכער. דער קאָמאַנדיר פון דער ערשטער בריגאַדע איז געווען גען. מיסינש, בראש פון דער צווייטער איז געשטאַנען פאָלק. אויזאנס.

אַזוי אַרום האָבן אָנשטאָט די פּראָיעקטירטע פיר טויזנט פרייוויליקע די פאָרמע פון די לעטישע שיסערס אָנגעטאָן צוזאַמען מיט די שפּעטער אָבליגאַטאָריש־איינבערופענע, גאַנצע צוועלף טויזנט. הוץ דעם רעזערוו־פאָלק, וואָס האָט זיך אינאָנהויב געפונען אין טאַרטו, שפּעטער אין וואַלמיערא. אין דעם פאָלק האָט מען צוגעגרייט פאַר די לעטישע באַטאַליאָנען אַרום זעקס טויזנט קעמפער און די צאָל פון שיסער האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן.

דער ערשטער צוזאַמענשטויס פון די לעטישע שיסערס מיטן שונא איז פאָרגעקומען דעם פינפאונצוואַנציקסטן אָקטיאַבר 1915, ווען צוויי ראָטעס פון דעם ערשטן שיסער־באַטאַליאָן אונטער דער אָנפירונג פון בריעדים זיינען אָנגעפאַלן אַפן שונא אין געגנט פון אָלאַינע לעבן ריגאַ.

דאָס איז געווען נאָר אַ צוזאַמענשטויס.

פונדעסטוועגן האָבן די שיסערס אַרויסגעוויזן אַזוי פיל מוט און העראָאיזם, אַז דאָס אויבערקאָמאַנדאָ פון אַרמיי האָט עס אָפּיציעל פאַרצייכנט. אין דעם צוזאַמענשטויס האָבן די שיסער זיך אַרויסגעוויזן פאַר גלענצנדע מרגלים, וואָס האָבן זיך אין די סאַמע קריטישע מאָמענטן ניט פאַרלאָרן און פאַרשאַפט גרויס קאָפּוויטיק די דייטשן.

די ערשטע גרעסערע שלאַכטן זיינען פאָרגעקומען דעם 21־טן מאַרט און דעם 16־טן יולי 1916 אין געגנט פון קעקאַווע — אָלאַינע. אין אַ העפטיקער אַטאַקע איז געלונגען אַרויסצושלאָגן דעם שונא פון די ערשטע פייער־ליניעס און דורכרייסן דעם דייטשן פראָנט. אין די הענט פון די שיסער איז אַריינגעפאַלן אַסך מוניציע און קריגס־מכשי־



ניעקס ווזוואָר פּאַזשע דעם בערגל האָבן זיך אויסגעלייגט אין אַ קייט די אַנדערע ראָטעס פון די מאַרקאָווצעס.

די רויטע האָבן געשאָסן ווי ווילדע, פונדעסטוועגן האָבן זיך די מאַרקאָווצעס פּאַמעלעך, אָבער מיט באַשטימטע איבערלויפן זיך גערוקט פאָרויס.

פאָרויס! הוראַ!

די פּולעמיאָטן פון די רויטע האָבן געאַרבעט אין אַ ווילדן טעמפּ.

אַ ברענענדיקע היץ אין אַקסל און אַן אייגנאַרטיקער שווינדל אין קאָפּ האָט ווייהניעקן געמאַכט צונויפצוקן. אַ פּאָר מריט — שווייס, אַ וואַרימע, קלעפּעדיקע פייכטקייט אַף דער ברוסט, אָנגעמאַכט. אין די אויגן האָט זיך קאָמיש געקרייזט דער פעלד אין קלייניקע — זייער קלייניקע, לויפנדיקע מענטשלעך.

געלבלעכע, רויטע און גרינע פייערלעך, און אַלץ איז געוואָרן בלוי. וואַלדים ווייהניעקס איז געפאַלן אין חלשות...

אַז די סאַניטאַרן האָבן שפּעטער אויפגעקליבן די געפאַלענע, האָבן זיי אויך געפונען ווייהניעקן.

נאָך אַ פּאָר שעה האָט זיך דער טראַנספּאָרט פון די פאַרוואונדעטע שוין געפונען אַפן וועג צו יעקאַטערינאָדאַר, אין צענטער פון דער ווייסער אַרמיי.

דער אָפּיצערן־לאַזאַרעט וואו מען האָט געבראַכט ווייהניעקן, איז געווען איינגעאָרדנט אינעם הויז פון אַ פירשט. אין קליינעם בין־השמשותדיקן צימער איז געווען קיל און שטיל. וואַלדים האָט געעפנט די אויגן און מיט פאַרוואונדערונג אָנגעהויבן זיך אַרומקוקן. וואו האָט ער זיך געפונען און ווי לאַנג איז ער געשלאָפן און ווי קומט ער אַהער פון בערגל, פון שלאַכט־פעלד.

ער האָט פאַרשטאַנען — ער איז אין לאַזאַרעט. ער האָט זיך דערמאָנט די שלאַכט, געפּרואווט מאַכן אַ באַוועגונג און ווידער שיעור ניט געפאַלן אין אָנמאַכט. די פּלייצע האָט געברענט, אַלע גלידער זיינען געווען ווי פון בליי פאַרגאָסן, אַ שוואַכקייט האָט ווי מיט קייטן אַרומגעכאַפּט דעם גאַנצן גוף.

צום טייוול! — האָט ער זיך געזידלט.

די טיר האָט זיך געעפנט און אין צימער איז אַריין אַ באַרעמהערציקע שוועסטער.

דערזעען דעם קראַנקן האָט זי אים פריי־

לעך באַגריסט, און וואַלדים האָט געקראָגן צו וויסן, אַז גאַנצע דריי טעג איז ער אָפּגעלעגן מאַכטלאָז, די דאָקטוירים האָבן שוין מורא געהאַט פאַר זיין לעבן.

— מיר האָבן זיך אַזוי מיט אייך אָנגעמאַטערט — האָט זי געזאָגט, — איך האָט געהאַט אַ שרעקלעכן פיבער.

זי האָט אים אָפּגעווישט דעם פייכטן שטערן. אירע הענט האָבן געריכט נאָך רפואות. ווײדניעקס האָט זיך באַמיט צו דערזען איר פנים, אָבער דער גאַנצער צימער איז געווען איינגעהילט אין אַ בלאָען נעפּל — אַ שווערער דרעמל האָט אים ווידער באַהערשט.

עס זיינען געגאַנגען די טעג. טעג פון היץ, טומל און גערויש, פון שלאַכט־קאָמאַנדאָ־אויסרופן, זיפצן פון די פאַרוואונדעטע האָבן זיך צונויפגעמישט מיט די ליכטיקע בילדער פון די יוגנטלעכע טעג.

אַלס אַ יונגער בחור איז ער אין די לעצטע צאַרן־טעג פון דעם לעצטן קלאַס גימנאַזיע אַריינגעטראָטן אין אַרמיי. שלאַכטן, מיליטער־שול, רעוואָלוציע, ערגעץ וואו ווייט זיינען געבליבן די גאָלדיקע פעלדער פון זעמגאַלע, דער ליבער שמייכל פון דער מאַמע.

די באַרימהערציקע שוועסטער האָט ווײדניעקן אָפט באַזוכט. זיי זיינען געוואָרן פריינט. פירשטין זאָיאַ טאַרנאָוואַ איז זי געווען. פאַרלאָרן דעם פאָטער, די מוטער, אַ ברודער, אין פלאַקער פון דער רעוואָלוציע איז פאַרניכטעט געוואָרן זייער גוט. אַף אַ וואונדערלעכן אופן איז איר געלונגען זיך צו ראַטעווען, זי איז אַריינגעטראָטן אין קאָרנילאָווס אַרמיי פאַר אַ שוועסטער. פלוידערנדיק מיט וואַלדי, האָט זי דערציילט, אַז כמעט אַלע אירע חברטעס געהערן צום רוסישן אַדל. ווי אַ כוואַליע איז איבער זיי איבערגעגאַנגען די רעוואָלוציע, צעבראָכן זייערע לעבנס, פאַרוואָרפן זיי אין טיפן רוסלאַנד, וואו אין טאָג־טעגלעכע קאַמפן האָט דער מזל שפּילעוודיק געשמייכלט דאָ איין צד, דאָ דעם אַנדערן און מען האָט קיינמאָל ניט געקענט וויסן, וואָס עס טראָגט מיט זיך דער מאָרגן.

וואַלדים האָט אָנגעהויבן צו זען אין זאָיאַ ניט נאָר אַ פלעגערין און פריינט, נאָר אויך אַ פרוי. עס איז דאָך געווען



רים, זיי האָבן אָבער געליטן גרויסע פאַרלוסטן. אַן אָנטיילנעמער פון די שלאַכטן דערציילט: אַ גאַנצן טאָג האָט די אַרטילעריע באַשאָסן אונזערע פּאָזיציעס. די בלינדאַזשן און דראָט־פאַרצאַמונגען זיינען אינגאַנצן פאַרניכטעט געוואָרן. אַזאַ פייער האָט מען אַף אונזער פראָנט ניט געזען, אַף אַלע וועגן האָט מען אָן אויפהער געפירט פאַרוואונדעטע, אָבער ניט ווייניק זיינען געבליבן אַף די שלאַכט־פעלדער. עס איז געווען אַ קאַמף אַף לעבן און טויט. דער גאַנצער געגנט פון קעקאַוואַ ביז נאַוועס סאַלאַ האָט מיט זיך פאַרגעשטעלט אַן אמתן גיהינום. די לופט איז געווען פול פון שטיקנדיקע גאַזן, פון וועלכע עס האָבן באַזונדערש געליטן די רוסישע חילות. באַזונדערס שאַרף האַרטנעקיק זיינען געווען די שלאַכטן בא נאַוועס סאַלאַ, וואו די שיסערס האָבן באַקומען אַן אומשטערבלעכע ליב, באַשיצנדיק ריגאַ. אַף נאַוועס סאַלאַ זיינען די שיסערס געגאַנגען ווי אַף דער גאָלגאָטע, ווייל איטלעכער טאָג האָט געפאָדערט אַ סך לעבנס. גאַנצע טעג און נעכט האָט פון די דייטשע אָקאָפּעס געהאָגלט מיט שטאָל און בליי.

פאַר היסטאָרישע דאַרף מען אָבער באַטראַכטן די באַרימטע ווינאַכט־שלאַכטן דעם 23־טן דעקאַב 1916, ווען אין אַ שנייאיקן באַגינען האָבן די שיסער פלוצלונג אָן אַרטילעריע־צוגרייטונג דורכגעשניטן די דראָט־פאַרצאַמונגען אין די טירעלער זומפּן באַפאַלן דעם שונא און דורכגעריסן די פראָנט־ליניע, אַף אַזאַ אופן ערנסט באַדרויענדיק יעלגאַוואַ און קורזעמע. אָבער צו ווייניק זיינען געווען די שיסער, כדי צו קענען איינהאַלטן אין זייערע הענט דאָס דערוואָרבענע. סוף יאַנוואַר 1917 זיינען די דייטשן אַריבערגעגאַנגען אין אַ קעגנאָנגריף, מיטן ציל צוריק צו פאַרכאַפּן דעם לאָזשמעטעיו קאַלנס, באַשיסנדיק די שיסער מיט אַ העלישן פייער. פון דעם האָט שטאַרק געליטן דער דריטער קורזעמער פאָלק. די שלאַכט האָט געפאָדערט אַ סך קרבנות, וועמעס צאָל עס האָט זיך נאָך פאַרגרעסערט דורך די 25 גראַדיקע פרעסט. וואָס האָבן דאַן געהערשט איבער אַ מלחמה־שטח פון צוואַנציק קוואַדראַט־קילאָמעטער. אין דעם שלאַכט איז איינער פון די ערשטע פאַרוואונדעט געוואָרן פאָלק. בריעדיס, וועמען עס האָט געהערט דער גאַנצער פּלאַן פון דער אָפענסיווע און די אָנפירונג.

געג. גאָפּער, איינער פון די פירנדיקע פערזאָנען צווישן די שיסער, דערציילט וועגן די מערקווירדיקע ווינאַכט־שלאַכטן: ניט נאָר אין רוסלאַנד, אָבער אויך אין מערב־אייראָפּע האָט מען אָפּ אָנערקענט די פאַרדינסטן פון די לעטישע שיסער, זייער העלדישקייט און קאַמפס־פעיקייט. נאָך

די שלאַכטן האָבן די פֿאַרשטייער פֿון די פֿאַרבינדעטע אָפֿט באַזוכט די שיסער־פֿאַלקן אַף זייערע פּאָזיציעס. אַ דאַנק די שיסער זיינען זיי געקומען אין אַ נאָענטע באַרירונג מיט די שטרעבונגען פֿון לעטישן פֿאָלק, וואָס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן אין די באַציאונגען צו לעטלאַנד אַלס זעלבסטשטענדיקע מלוכה. די באַדייטונג פֿון די שלאַכטן באַשטייט אין דעם, אַז דאָס לעטישע פֿאָלק האָט דערזען, וועלכע כוחות עס זיינען אין אים געווען באַהאַלטן, געלערנט זיך אַף זיי זיך צו פֿאַרלאָזן.

גען. גאָפּער שרייבט ווייטער: נצחונות אין די ווייַנאַכט־שלאַכטן האָט מען אָפּגעהאַלטן נאָר דאָרטן, וואו עס האָבן געקעמפּט די לעטישע שיסער. דער איבערפֿאַל האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אָן אַן אַרטילערישער צוגרייטונג. ער איז געווען אָרגאַניזירט אַף אַ גאַנץ ברייטן פֿראָנט־שטח, אַן ערך דרייסיק קילאָמעטער אינדערלייַנג, ד. ה. פֿון אָלאַינע ביז די גרויסע טירעלער זומפּן אַף יענער זייט פֿון דער טייך ליעלופּע. דער איבערפֿאַל אינם ערשטן טאָג איז דורכגעפֿירט געוואָרן מיט פֿופֿציק באַטאַליאָנען. פֿאַר די איבערפֿאַל־פּונקטן האָט מען אויסגעזוכט אַזעלכע ערטער, וועלכע די דייטשן האָבן געווידמעט ווייניק אויפֿמערקזאַמקייט. אין זעקס ערטער האָט מען אָנגעהויבן דעם אָנגריף, אָבער אַ דערפֿאָלגרייכער רעזולטאַט איז אויסגעפֿאַלן אַף דער ערשטער און צווייטער לעטישע בריגאַדעס. די פֿאָלגן פֿאַר די מפּלות פֿון די איבעריקע רוסישע טיילן פֿאַלן אַף דאָס העכערע אויבערקאָמאַנדע; די סיבות פֿון די מפּלות זיינען געווען — מאַנגל פֿון קאַמפֿס־דיסציפּלין בײַ די רוסישע זעלנער, אַזוי אויך בײַ די אינגערע אָפֿיצערן.

דער אָנהויב פֿון איבערפֿאַל פֿון דער ערשטער דייטשער פֿראָנט־ליניע איז געווען באַשטימט אַף פֿינף אַזייגער אינדערפֿרי. פּאָלק. ברייעדים גיט אַ סיגנאַל מיט צוויי רויטע ראַקעטעס. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ געראַנגל, וואָס עס האָט געדויערט אַ גאַנצן טאָג ביז שפּעט אינאָוונט; נאָכן איינגעמען די אָקאָפּעס פֿון די דייטשן באַפֿרייען זיך די שיסער מיט דער הילף פֿון גראַנאַטן אַ וועג פֿאָראויס און גרייפֿן אָן ווייטער אין „רוקן פֿון שונא. קעמפֿנדיק אין וואַלד מיטן אָפּטרעטנדיקן שונא. דאָ ווערט אויך פֿאַרוואונדעט פּאָלק. ברייעדים. אַזייגער עלף פֿאַרנעמען די שיסערס דעם לעצטן באַפֿעסטיקטן פּונקט פֿון שונא בײַ מאַנגאַלי. אין די הענט פֿון די שיסער פֿאַלן אַריין אַסך קריגס־מאַטעריאַלן און אַ שווערע באַטאַריע, אָבער דאָס רוסישע אויבערקאָמאַנדאָ האָט ניט פֿאַרשטאַנען ריכטיק אָפּצושאַצן די דעראָבערונג, וואָס מען האָט געקאָנט אויסנוצן פֿאַר אַ גלענצנדיקן זיג. עס איז ניט געווען ווער עס זאָל די צושפּרייטע חילות אָרגאַ־



מלחמה און די מענטשן איז געבליבן אַזוי ווייניק צייט פֿאַר זיך, איז דען געווען וואָס צו וואונדערן זיך, אַז מענטשן וואָס זיינען נעכטן איינער דעם אַנדערן פֿאַרבייגעגאַנגען ווי פֿרעמדע, האָבן זיך היינט פּלוצים געטראָפֿן, געוואָרפֿן זיך אין די אָרעמס. עס קען זיין, אַז שוין מאָרגן וועלן די הייסע, ליבנדיקע, צאַפּלדיקע הערצער פֿאַרשוויגן ווערן אין טויט. וואַלדיס ווײדניעקס האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך. באַלד וועט ער פֿאַרלאָזן דעם לאַזאַרעט, צוויי וואָכעדיקער אורלויב און דאַן?... דאַן וועט ער ווידער צוריקקערן אין די פֿעלדער פֿון טויט, וואו אַ ברודער האָט געקעמפּט אין נאָמען פֿון צוויי אמתן.

עס איז געווען אַ וואַרעמע נאַכט, איינע פֿון די דרומדיקע אָנגעגאָסענע נעכט, וואָס מאַכן הייס די הערצער און לאָזן גיכער פֿליסן די בלוטן — איינע פֿון די נעכט, וואָס דערוועקן ליידנשאַפֿט און אויך גרויסע ליבע.

אַפֿן ווייסן טישל אין צימער האָט איינזאַם געברענט אַ נאַכטלעמפּל, דאַן איז אויך דער לעמפּל אויסגעלאָשן געוואָרן און וואַלדיס האָט זיך אופֿגעכאַפּט, אומגעאַרעמט פֿון צוויי וואַרימע הענט. אַרום איז געווען שטיל. עס האָבן נאָר געפֿלאַטערט צוויי הייסע נשמות. זאָיאַ טאַרנאָוואַ אַ קינד פֿון אַלטן רוסישן פּירשטלעכן אַדל, האָט זיך געזוכט אַ וועג צום האַרצן פֿון אַ זון פֿון אַ לעטישן פּויער. איבער זיי אין דרויסן האָט זיך געפֿלאַכטן אַ פֿינסטערע דרומדיקע נאַכט. די צוויי וואָכן, וואָס וואַלדי האָט באַקומען פֿאַר אָפּרו זיינען פֿאַרביי ווי צוויי טעג. און אַז עס איז געקומען די שעה, ווען זיי האָבן זיך געדאַרפֿט שיידן, האָבן זיי ווי ווילדע, מיט טרוקענע איינגעפֿאַלענע אויגן זיך געצויגן איינע צום אַנדערן.

— איך וועל דיר שטענדיק ליב האָבן — האָט זי געזאָגט.

— איך וועל דיר שטענדיק ליבן האָבן — האָט ער געענטפֿערט.

הונדערטער יאָרן אַלטער, אָפּגעריבענער אָבער שטענדיק נייער, אַ סך זאָגנדיקער און אָפֿט געבראָכענער צוזאָג. ביידע האָבן זיי אים געגעבן, ניט טראַכטנדיק וועגן דער צוקונפֿט. און וואָס האָבן זיי געקענט טראַכטן וועגן דעם מאָרגן, אַז

אַרום האָט שפּאַצירט דער טויט מיט דער האַרער האַנט פֿאַרניכטנדיק ניט איין געטרוימטן ליבע-חלום. נאָר צוויי וואָכן פֿון ליכטיקן גליק, צאַפּלדיקער ליבע איז זיי געבליבן מיטצונעמען אין זכרון, ווײַטער אַרײַנגייענדיק אין דעם בלוטיקן טאָג אײַן טאָג אויס. אין די צוויי וואָכן האָט סײַ וואַלדי און סײַ זאַיאַ ניט געוואָלט טראַכטן וועגן מלחמה.

דער צוג האָט אַוועקגעריסן ווײַדניעקן פֿון יעקאַטערינאָדאַר אַף אַלע צײַטן. עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן שלאַכטן, ביז די ווײַסע זײַנען געצוואונגען צו קאַפּיטולירן.

די פֿאַרבינדעטע האָבן אינטערנירט די ווײַסע אין גאַליפּאָל און אָנגעהויבן זיי פֿאַנאַנדערלאָזן.

באַלד נאָך דער שיידונג האָבן וואַלדי און זאַיאַ זיך אָפּט דורכגעשריבן. דאָ אָבער האָבן די רויטע פֿאַרנומען יעקאַטערינאָדאַר, די ווײַסע אַרמײַ איז פֿאַנאַנדערגעפֿאַלן און אירע אײַנצלנע טיילן זײַנען געוואָרן צעזייט און צעשפּרייט איבער גאַנץ דרום-רוסלאַנד. וועגן אַ פּאָסט-פֿאַרקער איז ניט געווען וואָס צו ריידן. אַף אַזאַ אופֿן איז פֿאַרשוואונדן געוואָרן די פֿאַרבינדונג צווישן וואַלדים און זאַיאַ.

אין גאַליפּאָל האָט ווײַדניעקס אויסגענישטערט אַלע טיילן פֿון די ווײַסע, אָבער קיינער האָט ניט געקענט זאָגן, וואָס איז געבליבן מיט דער שוועסטער טאַרנאָוואַ. ענדלעך האָט ער געקראָגן צו וויסן, אַז דער לאַזאַרעט, וווּ עס האָט געאַרבעט זאַיאַ, איז אַרײַנגעפֿאַלן אין די הענט פֿון די רויטע. ס'איז געווען אַ שווערער קלאַפּ פֿאַר וואַלדי. מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט פֿון זײַן יונגער נשמה איז ער געווען צוגעבונדן צו דער פֿרוי, און נאָך שווערער איז פֿאַר אים געווען דער פֿאַרלוסט און באַוואוסטזײַן, אַז די אבידה איז מער ניט דערגרייכלעך. עס האָבן זיך אָנגעהויבן טעג גראָע, נעפּלדיקע. ווײַדניעקס חברים אָפּיצערן פֿון דער ווײַסער אַרמײַ, זײַנען פֿאַרשוואונדן געוואָרן ווער וואו. אַ כּד פֿון זיי זײַנען אַרײַנגעטראָטן אין די אַרמייען פֿון די נײַ-אויפֿגעקומענע מלוכות, אַנדערע אין די אויסלענדער-לעגיאָנען. זיי האָט אויך געוואָלט נאָכפֿאָלגן ווײַדניעקס, אָבער אונגיזירן, פֿאַרטײַקן די איפּגאַבעס און צונױפֿשטעלן די נויטיקע רעזערוון. דאָס האָט מען געדאַרפֿט טאָן אַפֿן אָרט פֿון דעם געראַנגל, אָבער ניט אין „טיל", בעת די פֿאַרבינדונגס-ליניעס זײַנען געווען דורכגעריסן און די אומשטענדן האָבן זיך געביטן איטלעכע רגע.

עס איז פֿאַרבײַ אַ קורצע צײַט און די דײַטשן גייען אַריבער בײַ מאַנגאַלי אין אַ קעגנאָנגריף און נעמען אַסך אין געפֿאַנגענשאַפֿט. די רוסישע טיילן האָבן גאָרנישט אונטערנומען כּדי זיך צו פֿאַרפֿעסטיקן, אָבער האָבן זיך פֿאַרנומען מיט היבערײַען אין די דײַטשע טראַנשייען און מיט שיכּרות. אין אַזאַ ערנסטן מאָמענט, בעת מען געפֿינט זיך אין רוקן בײַם שונא, האָט מען אַפֿילו ניט געטראַכט זיך צו פֿאַרהיטן פֿון פּלוצימדיקן אָנפֿאַל, פּונקט פֿאַרקערט, מען האָט געדרויט מיטן שיסן די לעטן, וואָס האָבן געזוכט אָפּצושלאָגן דעם קעגנאָנגריף. עס האָט אינגאַנצן געפֿעלט דיסציפּלין. אין רעזולטאַט פֿון דעם אַלעם, האָט מען געקאָנט לײַכט אַרײַנפֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט, און כּדי דאָס צו פֿאַרמײַדן, האָט מען געדאַרפֿט אָפּגעבן דעם וויכטיקן פּונקט מאַנגאַלי. אַזייגער פֿיר נאָכמיטיק הויבט זיך אָן דער ערנסטער קעגנאָנגריף פֿון די דײַטשן. די רוסן טרעטן אָפּ, לאיבוד גייען די באַמיאונגען פֿון די לעטישע שיסער אָפּצוהאַלטן דעם שונא. אין פֿינצטערן וואַלד ווערט אַלץ צומישט, איינער ווייס ניט פֿון דעם אַנדערן. ענדלעך קריגן די שיסער אַ באַפֿעל אָפּצוטרעטן ביז די פֿריערדיקע פּאָזיציעס. אַזוי האָט זיך פֿאַרענדיקט דער אַנגריף פֿון די לעטישע שיסער, וואָס האָט זיך אָבער געענדיקט רעזולטאַטלאָז נאָר אַ דאַנק דער צעטומלטקייט און דעזאָרגאַניזאַציע בײַ דעם רוסישן אויבער-קאָמאַנדאָ.

די ווײַנאַכט-שלאַכטן וועלן לאַנגע יאָרן בלײַבן אין זכרון פֿון פֿאָלק, ווי אַ מעכטיקע העראָאישע עפּאָפּײַע פֿון יענע גרויסע טעג.

* *

*

באַלד נאָך די ווײַנאַכט-שלאַכטן האָט אין פּעטראָגראַד אויסגעבראָכן די פֿעברואַר-רעוואָלוציע. די פֿאַרווירקלעכונג פֿון די נאַציאָנאַלע אידעאַלן איז אָפּגערוקט געוואָרן אַף אַ געוויסע צײַט. פֿונדעסטוועגן האָבן די לעטישע שיסער געגעבן די מעגלעכקייט דעם לעטישן פֿאָלק צו זען אין דער ווירקלעכקייט דעם פּראַכטפֿולן חלום וועגן דער אומאָפּהענגיקער לאַטוויאַ.

אָבער עס איז נאָך ניט געקומען די צײַט, אַז דער חלום זאָל פֿאַרוואַנדלט ווערן אין ווירקלעכקייט. גרויסע דעראָבערונגען וועלן געשאַנקען נאָך שווע-

רע ווייטיקפולע נסיונות. נאָר נאָכדעם, ווי דאָס פאָלק איז דורכגעגאַנגען דורכן פייער פון נייע פּרואוואונגען, האָט אים דער גורל אונטערגעטראָגן די פאָן פון פרייהייט.

דער גרויסער קאַמף און זיג דאַרפן צוגעגרייט ווערן פריער. אַזוי איז אויך געווען מיטן קאַמף פאַר אַ פאַראייניקטער און פרייער לאַטוויאַ. דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן אַ סך פריער פאַרן אַכצנטן נאָיאַב 1918. איינער פון די הויפּט־אָנפירער אין די דעמאָלטיקע אומרואיקע יאָרן איז געווען דער איצטיקער פּרעזידענט דר. ק. אולמאַניס. ער האָט זיך באַמיט אַריינצוטראָגן אָרגאַניזירטקייט און אָרדנונג אין דעם כאַאָס פון יענע טעג. עס איז אים געלונגען צו פאַרקלענערן די כוואַליע פון די לעטישע היימלאָזע און אַזוי אַרום אָפּבאַוואַרן אַ סך כחות פאַרן אויפבוי פון דער צוקונפטיקער מלוכה. די אָרגאַניזירטע געזעלשאַפטלעכקייט האָט, פאַרשטייט זיך, פאַרגרעסערט דעם קאַמפס־כח און אויסדויער פון די לעטישע שיסער. דר. ק. אולמאַניס איז שפּעטער געוואָרן ניט נאָר איינער פון די אָנגעזעענסטע, נאָר די הויפּט־אָנפירער, אינאָנהייב אַף דער געזעלשאַפטלעכער און שפּעטער אַף דער מלוכהשער אַרענע. די עפּאָפּייע פון די לעטישע שיסער איז אויך פאַרבונדן מיט זיין נאָמען און טעטיקייט. שוין אין יענע יאָרן האָט דר. ק. אולמאַניס געלייגט אַ פונדאַמענט אונטער דעם פּאַלאַץ פון דער צוקונפט — דער דריסטער שעפערישער אידיי פון דער אומאָפּהענגיקער לאַטוויאַ. אין די פלאַמען פון די פרייהייט־קאַמפן איז געבאָרן די פרייע לאַטוויאַ. די שלאַכטן פון די לעטישע שיסער האָבן געשאָנקען דעם פאָלק אַ חלום פון גיכער באַפרייאונג.

דאָס פאָלק קאָן פון טיפן האַרצן באַגריסן זיינע דרייסטע ריטער פון דערהויבענעם טרוים, וואָס איז געוואָרן אַ ליכטיקע ווירקלעכקייט.



דערוואַרט האָט זיך געשאַפן אַ מעגלעכקייט אַריינצוקומען אין לעטלאַנד און נאָך לאַנגע מאַטערנישן איז ער ענדלעך אין לעפּאַיאַ און שטעלט זיך אין רשות פון דער נאַציאָנאַלער אַרמיי.

עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן קאַמפן, דאָס מאָל פאַר דער אייגענער היים. אַז פון די לעטישע פעלדער איז פאַרטריבן געוואָרן דער לעצטער שונא, האָט זיך ווידניעקס דעמאָביליזירט.

לאַנגע יאָרן האָט עס אים נעשליידערט איבער די שלאַכטפעלדער. אין די דאָזיקע פיר יאָר האָט ער דורכגעמאַכט מער וויפל אַן אַנדערער אין אַ האַלבן לעבן. צו איין־און־צוואַנציק יאָר האָט ער געהאַט דורכגעוואַנדערט אַ האַלבע וועלט, געזען די גרויסע פאַרניכטונג און צעשטערונג. טאָג איין טאָג אויס איז אים געשטאַנען בא דער זייט דער טויט. איצט האָט ער דערפילט דעם ווערט פון לעבן. ער איז ווידער געווען אינדערהיים. די מלחמה האָט זיך געהאַט פאַרענדיקט.

— איצט וועל איך אָנהויבן צו לעבן — האָט זיך געטראַכט ווידניעקס. עס האָט זיך אים געוואָלט אַביסל לעבן אין דער שטילקייט פון די פעלדער, באַרואיקן זיין געמיט און דאַן אַ טראַכט טאָן וועגן דער צוקונפט.

עס זיינען פאַרביי טעג, יאָרן. איינמאָל שפּאַצירנדיק איז וואַלדיס אין גרויס פאַרוואונדערונג געבליבן שטיין. עס איז דאָך איוואַגין! איוואַגין דער ווילדער קעמפער און גאָלדענע נשמה.

— אַנטשולדיקט, הער קאַפּיטאַן, האָט ער אים אָפּגערופן. דער פרעמדער האָט זיך אומגעדרייט און אַ ווײַלע אַריינגעקוקט אין ווידניעקן. דאַן אויסגעשריען מיט דער אמתער רוסישער האַרציקייט: וואָלאָדיאַ!

קענטזייטיקע פראַגן און אַנטוואָרטן. גאַנצע פינף יאָר האָבן זיי זיך ניט געזען, די אַלטע קאַמפס־חברים.

— לאָמיר אַריינגיין אין אַ שיינקל, אַ קליינינקייט, אַזאַ לאַנגע צייט זיך ניט געזען

— צו וואָס, קענסט דאָך גיין צו מיר. מיר וועלן מיטנעמען אַ פלעשל. די ווייב וועט מאַכן דעם סאַמאָוואַר, און מיר וועלן שוין ווי געהעריק פאַרצייכענען אונזער

### דער שפיל פון גורל

באַנגענעניש — האָט געענטפערט איוואַגין.

— די ווייב? ווי, דו האָסט שוין באַוויזן... האָט געפרעגט איבערראַשט וואַלדים.

— עס איז שוין דאָ ברודערל, עס איז שוין דאָ — האָט אים איבערגעריסן איוואָגין, אָבער צו וואָס שטייען מיר אַפן גאַס?

איוואגין האָט אַוועקגעפירט וואַלדים צו זיך אין דירה און האָט אָנגעהויבן צוצוגרייטן דאָס צובייסן, אַז ער איז אַריינגעקומען אין עסצימער האָט ער געפונען וואַלדים פאַרטיפט אין אַ זשורנאַל.

— די ווייב וועט גלייך אַריינקומען.

עס האָט זיך געעפנט די טיר און וואַלדים האָט זיך אופגעהויבן. אַפן שוועל איז געשטאַנען — זאָיאַ...

— זייט באַקאַנט: מיין בעסטער קאַמפסחבר, פראַפּאָרשטשיק ווידניעק.

— מיין פרוי, — האָט זיי איוואָגין באַקאַנט געמאַכט.

וואַלדים האָט דערפילט, אַז עס בייטן זיך אים די פאַרבן אין געזיכט. אויך זאָיאַ איז בלייך געוואָרן, מעכאַניש האָבן זיי זיך געגעבן די הענט.

וואַלדים ווידניעקס איז געווען אופגעערעקט ווי נאָך קיינמאָל ניט. עס האָבן אָנגעהויבן אופצושווימען זכרונות — ווילדע טעג אין יעקאַטערינאָדאַר. און דאָ זיצט זי אים אַנטקעגן, אַביסל רויטלעך אין געזיכט, אַביסל עלטער, צעשוואומען, יא, פינף יאָר!... וואַלדים האָט ניט געקענט מער צוהערן זיך צום געפּלוידער פון זיין פריינט. עפּעס האָט אים געיאָגט פון די איוואָגינס. זיין האַרץ האָט געדאַרפט אויסוויינען איר אומרו און וויטיק, כדי ער זאָל קענען רואיק און געזעצט אַריינגיין ווידער אין לעבן.

עס האָט אָבער ניט געהאָלפן קיין איינזאַמקייט, די נשמה האָט ווייטער געוויטיקט און אַן אייגנאַרטיקער אומרו האָט אים געוואָרפן פון איין אָרט אַפן אַנדערן. אַזוי האָט ווייטער ניט געקענט גיין. אַוועקגייענדיק איינמאָל פון דער אַרבעט, האָט זיך וואַלדים געלאָזט גיין צו די איוואָגינס. ער האָט געוואוסט, אַז זיין פריינט איז איצט אַף דער אַרבעט, זאָיאַ וועט זיין אַליין.

זי האָט אַליין געעפנט די טיר.



# א שמועס באַנאַכט

פון אַננאַ רידוס

לום־עליכם, אַלטער פריינט. וואָס ביסטו היינט אַזוי פאַרזאָרגט? אפשר דערפאַר, וואָס איך האָב דיר געשטערט אין דיין רו?

ווייסטו, איך בין געקומען צו דיר, אַזוי זיך אַראָפּריידן פון האַרצן. באַטאָג האָבן מיר ביידע קיין צייט נישט: דו האָסט אַף דיינע פּלייצעס אַריבערצוטראָגן מענטשן, פורן און אויטאָבוסן, איך — האַרף אַרבעטן.

דו שווייגסט? דו, כמורנער, אַלטער אייזערנער בריק.

דו בייקסט נאָך רו? ווייסטו דען ניט, וואו איז רו? איך וועל זיך אָפּרוען ליגנדיק אין קבר, דו, ווידער, אַז דו וועסט ליגן אין אַ קופּע פון אַלטן פאַרזשאַווערטן אייזן. נאָר איך וועל דאָס מער ניט זען, אַנדערע וועלן עס צוזען, נאָר זיי וועלן אַפילו ניט האָבן קיין צייט איבער דיר אַביסל חוזק צו מאַכן. ווי איז עס געווען, אַלטער פריינט, אַז דו ביסט נאָך געווען יונג און דיין אייזערנער רעקל איז נאָך ניט געווען באַדעקט מיט ראָסט? דיינע פּלייצעס זיינען נאָך געווען יונג און ווייס. אַליין ביסטו געווען מונטער און ריידעוודיק. שטאָלץ האָסטו זיך אויסגעצויגן איבער דער דאוגאַווא און געוואַרעמט זיך אַף דער זון.

אָבער פּלוצלונג ביסטו אין איין נאַכט גראָ געוואָרן, פאַרטראַכט, כמורעדיק.

דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען דיינע ליבע זין האָט דער טויט געשניטן פאַר דיר אין די אויגן. מענטשן, וואָס האָבן גערעדט אין אַ פרעמדע שפּראַך, האָבן גלייכגילטיק אויסגעשטרעקט זייערע ביקסן קעגן זיי.. דער ווייסער שניי איז געוואָרן רויט און דו האָסט אַ ציטער געטאָן פון שרעק.

נו, דערמאָנסטו זיך, איז עס דען אַזוי ניט געווען? פאַרשטייט זיך, דו ביסט אַלט געוואָרן און אַסך האָסטו שוין פאַרגעסן.

אַלץ ווייניקער, און ווייניקער, זיינען געבליבן די, וועלכע דו ביסט געוואוינט געווען צו זען אין די

פריערדיקע באגינענס, ווען די פאבריק־קוימענס האבן געמיטלעך פארוויכערט זייערע ריזיקע לולקעס, דו ביסט שוין דאן געווארן טרויעריק און קארג אף ווערטער.

איך בין נאך דאן געווען א קליין מיידעלע און נאך ניט פארשטאנען דיין טרויער. דיינע אייזערנע לידער האסטו אלע אפגעגעבן דעם ווינט; אלץ איינס, וואו דער ווינט האט זיי ניט געטראגן, דיינע לידער, אינדערפרי אדער אינאווענט, באטאג אדער באנאכט, אלע זיינען זיי געווען פול מיט טרויער, פארטרויערט ווי די אויגן פון דיינע ליבע קינדער.

און דאן זיינען געקומען טעג, ווען דיינע ליבע קינדער זיינען ווייט פארווארפן געווארן, אבער דער שונא, וואס איז געגאנגען הינטער זיי, האט דיר אפגעריסן הענט און פיס, וואס זיינען שווער געפאלן אין דאגאווא. איך האב דאן דערהערט א שרעקלעכן געשריי. דו האסט געקרעכצט ווי א געטראפענע חיה אין וואלד, וואס ווארפט זיך אין מוראדיקע יסורים. לאנג האט זיך אינדערלופטן געטראגן דיין זיפצן, איך האב עס דייטלעך געהערט.

דער שונא איז געקומען. זיי האבן דיר געהיילט, צוגעלייגט הילצערנע פיס און הענט און דו ביסט געווארן א קאליקע. דו ביסט געווארן נאך כמורנער, אין זיך איינגעשלאסן, אז אפילו פויגלען פלעגן דיר אויסמיידן און קיינמאל פלעגן זיי זיך ניט זעצן אף דיינע פלייצעס. מענטשן פלעגן אף דיר מיט די פינגער טייטלען און געלאכט פון דיין אויסזען, נאר מיר ביסטו געווען פונקט אזוי ליב ווי פריער און מיינע אויגן פלעגט באדעקן א נעפל, ווען איך האב דאס געהערט.

ווייסט גארניט, מיט וואס פאר א ווארעמקייט איך האב שטילערהייט געגלעט דיין צוקריפלטע האנט, בעת דו פלעגסט מיר טראגן איבער דער דאגאווא. מער נישט געפילט מיין לאשטשען. און חוץ דעם האסטו, ווייזט אויס געגעבן זיך א ווארט מער ניט צו קוקן די מענטשן אין די אויגן, האסט אויך אין מיינע ניט געקוקט און ניט געזען, וואס פאר א שטראלנדיקע ווארעמקייט עס איז אין זיי געווען. דו האסט פיינט געקראגן מענטשן.

אבער א סך מאל פלעג איך דיר הערן פון ברעג. אין דיין האנט איז געווען פון האלץ און דו האסט שוין די שטילע ווינטערדיקע נעכט, ווי דו שמועסט מיט די שטערן און פרואווסט טרעפן דעם גורל פון דיינע ליבע קינדער. דו האסט דאך זיי נישט געקאנט פארגעסן, דו האסט דאך זיי נאך אלץ האלט געהאט און נאך זיי געבייַנקט. מיר האסטו ניט געהערט, אז ניט וואלסטו זיך פארשעמט און אנטשוויגן געווארן.

אבער איבער דער שטילקייט פון דער דאגאווא האב איך דייטלעך געהערט דיין שטימע. און נאר

— איך האב אייך שוין געווארט — האט זי געזאגט. אין גאסטצימער האט וואלדים ליידנשאפטלעך צוזאמענגענומען אירע הענט.

— זאיא, מיין זאיא, האט ער שטיל געזאגט, פארגעסנדיק אלץ, וואס עס האט זיי אפגעטיילט איינער פון אנדערן.

— —מען דארף ניט מיין פרייגט, האט זאיא געענטפערט. — זיי רואיק, הער מיר אוים א ווײלע.

— איך וויל פון גארנישט וויסן, ווי נאר דאס, אז דו ביזט מיט מיר — האט וואלדים אופגערעקט גערעדט.

— דאס האב איך שוין געוואוסט, און דעריבער האב איך. אויך אף דיר געווארט. איך האב דיר געוואלט בעטן, אז אלץ, וואס איז צווישן אונז פארגעקומען פאר פינף יאר, זאל ערגעץ וואו טיף באגראבן זיין. דו ווייסט דאך אליין, וואס פאר א צייטן עס זיינען דאן געווען, וואס מיר זיינען אליין געווען. און דאן ביסטו אוועקגעגאנגען. עס האבן זיך אנגעהויבן מאוימדיקע טעג, איך האב געטראפן מיין איצטיקן מאן. שווערע טעג האבן מיר ביידע צוזאמען איבערגעלעבט, א גרויסע נאענטקייט האט אונז פאראייניקט. זאל איך עס פארניכטן מיט א לייכטער האנט? פארשטייסט דאך! קאליא איז מיר מער ווי א מאן. ער האט מיר אפט געראטעוועט פון זיכערן טויט. דו וועסט דאך ניט וועלן פארניכטן דאס אלץ, וואס מיר האבן צוזאמען געבויט. איך בעט דיר, איך בעט דיר, טו עס ניט! לאמיר זיין גוטע פריינט, אבער פארגעס דאס פארגאנגענע.

וואלדים האט זיך צוגעהארכט און פלוצלונג האט ער דערפילט, אז דער גרויסער אופברויז ווערט געלאשן. ער האט זיך ווידער געפונען.

ער האט גארנישט ניט געזאגט, צונויפגענומען זאיאס הענט, זיי געקושט, אין קוש אריינלייגנדיק אלע זכרונות פון דער גרויסער ליבע פון זיינע יונגע טעג.

קומענדיק אהיים, האט וואלדים וויידניעקס פארשטאנען, וואס עס האט געטראפן. זאיא טארנאווא איז געשטארבן און זאיא איוואנאווא האט ער איצט געקענט נאר ווי די פרוי פון זיין בעסטן חבר.

אַז דו פלעגסט כאַפּן אַ לייכטן דרעמל, פלעג איך זיך לאָזן אַ היים אין אונזערע הקומות זיינען דאַן געווען גלייך. פונקט ווי די געדאַנקען — וואַך זייענדיק. וואָס אַ טאָג ביסטו מיר אַלץ ליבער געוואָרן, דו האָסט עס אָבער ניט געוואוסט.

און דאַן האָסטו אַ ציטער געטאָן פאַר פרייד. דו האָסט דערפילט אַף דיינע פּלייצעס לייכטע אייגנאַרטיקע טריט. דו האָסט זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן און אַריינגעקוקט אין די אויגן פון די גייער. אין זייערע אויגן איז געווען די זעלביקע וואַרעמקייט און שטראַלעדיקע ליכט, ווי אַמאָל ביי דיינע פריינט. דאָס זיינען זיי געווען און דאָך אַנדערע. און דאַן האָסטו דערפילט, ווי אַלט דו ביסט געוואָרן, ווייל דאָס איז געווען דער נייער דור. זייערע טריט זיינען געווען לייכטער, זייער לאַכן הילכיקער און אַ זונען־צייכן האָבן זיי געטראָגן אַף זייערע היטלען.

אָט דאָ, האָסטו מיט שרעק דערזען, אַז דער טויט פאָלגט זיי נאָך טריט באַ טריט. אין גרויס איילעניש האָסטו זיי אין אַ גראָען פרימאָרגן אַריבערגעטראָגן אַף דער רעכטער זייט פון דאַוגאַווא. פון פאַרצווייפלונג האָסטו ניט געוואוסט וואָס אָנצוהייבן, דו וואָלסט גערן זיך אַראָפּגעלאָזן אין אָפּגרונט פון דער דאַוגאַווא, כדי די פרעמדע טריט זאָלן דיך ניט מאַטערן. אָבער די דאַוגאַווא האָט אין איר רואיקן שטראָמען געוואָרפן אַף דיר אַ בליק און דו האָסט דערזען די, וואָס זיינען אַפן רעכטן ברעג. זיי זיינען אין ערגעץ ניט אַוועקגעגאַנגען, זיי זיינען געבליבן לעבן דיר. זיי האָבן געוואָלט לעבן אָדער שטאַרבן, אָבער מיט דיר. און אין אַ באַגינען, האָסטו אין מוראדיקן כעס הויך אופגעהויבן דיין מעכטיקן אייזערנעם פויסט קעגן די, וואָס זיינען נאָכגעגאַנגען דיינע קינדער.

פאַרגאַפּט זיינען געבליבן די פרעמדע. געבליבן אַפן לינקן ברעג פון דער דאַוגאַווא און דו ביסט געוואָרן אַ זיכערער היטער אַף די כוואַליעס פון דער דאַוגאַווא.

בלייאיקע קוילן האָבן געגרילצט איבער דיין קערפּער, שראַפּנעלן האָבן אויסגעברענט דיינע אויגן און דו ביסט געוואָרן בלינד, אָבער דו האָסט זיך ניט אונטערגעגעבן. אַזוי גרויס איז געווען די ליבע דיינע צום פאָלק און ערד, אַזוי גרויס איז געווען דיין שנאה צו די פרעמדע אָנפאַלער. דיין פויסט איז נאָך אַלץ געווען הויך, דרויענדיק. זיי האָבן אָבער דיר געענטפערט מיט בלייאיקע קוילן.

דו ביסט געוואָרן בלינד. אינגאַנצן בלינד. דו האָסט מער גאָרנישט געזען, אָבער איצטער האָסטו געוואָלט זען. איצט האָסטו געוואָלט אַריינקוקן אין די וואַרעמע בליקן פון דיינע פאָלקס־קינדער, דו האָסט אָבער מער נישט געקאָנט.



# פּטור געוואָרן

## זכרונות פון א אידישן קאזאק

פון א. פּראוואטינער

פון דעם ערשטן טאָג אָן, וואָס אַברהם דער „אידישער קאָזאַק“ איז אָנגעקומען אין דער „ווילדער טשעטשענער דיוויזיע,“ האָט ער דערפילט, אַז אים וועט זיין אַ סך לייכטער זיך איינצולעבן מיט די ווילדע „דאַגעסטאַנער“, ווי מיט די „ציוויליזירטע הוזאַרן“, מיט וועלכע ער האָט אין שטאַנד־דינסט געדינט.

זייער סעמיטישער אויסזען האָט אים אַ ברודער־ליבע אַרויסגערופן; דאָס זעלבע אויך פון זיי צו אים.

דער גאַנצער „ווזוואָד“ אין וועלכן ער איז אַלס „ווזוואָדנער“ געווען באַשטימט, האָט אים אַרומגערינגלט, און די ערשטע פראַגע איז געווען:

— ווי אַזוי איז דיין נאָמען?

דער נאָמען „אַבראַם“ האָט זיי נאָך מער איבערראַשט, און אַ צופרידענער שמייכל האָט זייערע בראָנזענע פנימער באַצויגן, און אַלע האָבן מיט איין קול אויסגעשריען:

— איבראַאים! ווזוואָדני איבראַאים! יעטאַ קאַראַשאָ!

שווערע, אָבער וואַרעמע הענט, האָבן פון אַלע זייטן מיט אַ ברודערלעכקייט זיין קליינע האַנט געדריקט, און דער בונד פון פריינטשאַפט איז געשלאָסן געוואָרן.

און פאַרצווייפלט האָסטו געזיפצעט אין די פינסטערע האַרבסטיקע נעכט. ווייט איבער דער דאַוגאַוואַ האָט אָפּגעהילכט דיין זיפצן. דאָס האָט זיך מיר איינגעשניטן טיף אין האַרצן. אַזוי טיף, אַז דאָס האָר האָט מיר אָנגעהויבן באַזילבערט צו ווערן.

און איינמאָל אין דער נאַכט האָבן זיי זיך ווי שאָטנס אָנגעהויבן שטיל גליצן איבער דיינע פלייצעס צום שונא. שטילערהייט האָסטו געוויינט, וואָס דו קענסט זיי ניט אָפּהאַלטן. דו האָסט זיך ניט געטאָרט אַ ריר טאָן, דער שונא זאָל זיי ניט דערפילן, אַז ניט, וואָלט ער צו פרי אָנגעהויבן שיקן אַנטקעגן דעם שניידנדיק־פייפנדיקן טויט. דו האָסט געקאָנט נאָר שטיל וויינען.

פונדעסטוועגן האָט מען זיי דערזען, דו האָסט גערופן, זיי זאָלן זיך צוריק אומקערן, אָבער זיי האָבן דיר ניט געהערט, אַזוי זיינען זיי געווען פאַרכאַפּט פון שנאה צו די, וואָס דאָרטן אַפן לינקן ברעג. אָן פּחד האָבן זיי אופגענומען דעם אומגלייכן פיינט און געפאַלן ווי די העלדן...

דו האָסט אין זיי געגלויבט, אַזוי ווי נאָך קיינער ניט, ווייל דו האָסט געקאָנט דעם אויסדויער און העלדנגייסט פון דיין פאָלק. דיין גלויבן און דיינע שטילע געדאַנקען זיינען מקוים געוואָרן.

עס איז געווען אַ פרייליכער פרימאָרגן, מיר דוכט, דער גליקלעכסטער אין דיין לעבן, בשעת דו האָסט פאַרבונדן דיין פאָלק וואָס אַפן רעכטן און לינקן ברעג.

דערמאָנסט זיך, ווי איך בין דעמאָלט צו דיר געקומען? הייסע טרערן זיינען מיר גערונען פון די אויגן, מיינע וואַרימע פינגער האָבן געגלעט דיינע ניט פאַרהיילטע וואונדן, מיין האַנט האָט מיר געציטערט. דאָס איז געווען פרייד... איך האָב געוואָלט מיין פרייד באַהאַלטן, איך האָב זיך געשעמט צו וויינען, אָבער די צייט, די העלדישע צייט, האָט מיר געמאַכט אַזוי פילנדיק, אַז איך האָב געוויינט. יאָ, אַלטער פריינט, מיין לעבן דערנעענטערט זיך צום סוף. איך וועל קומען צו רו גיכער ווי דו. אָבער עס וואַקסט אַ נייער דור, וועסטו אים ליב האָבן פונקט אַזוי ווי איך, ניט אמת? כאָטש דו ביסט געוואָרן אַלט און כמורעדיק, פונדעסטוועגן ווייס איך, אַז הינטער דעם איז באַהאַלטן וואַרעמקייט. און דו וועסט נאָך דערלעבן נייע העלדן־טאַטן. איך וועל שוין דאַן מסתמא זיין אין אייביקער רו.

אַ גוטע נאַכט, אַלטער פריינט...



צוויי יאָר נאָכאַנאַנד האָט דער „ווזוואָדני" איבראַאים אָנגעפירט מיט זיין „ווילדן ווזוואָד", אין די ריזיקאַלישסטע אויסשפּירונגען געפאָרן, אין אַלע ווילדע אַטאַקעס קעגן די דייטשן אָנטייל־גענומען, און פאַרלוסט אין „לעבעדיקע כוחות" געהאַט ווייניקער ווי אַלע אַנדערע פון „ערשטן דעגעסטאַנער פאָלק".

פאַר דער צייט האָט ער צוויי „געאָרגיע־צלמים" באַקומען, און אַלע אָפיצערן האָבן מיט אַ ווייטיק אין האַרצן באַוואונדערט דעם „זשיד", איבער וועלכן עס האָט זיך באַ זיי פון דור־דורות אַזאַ שלעכטע מיינונג געשאַפן.

*

אַ שפּראָץ אַף טאָג, אונטער אַן אַלטן דעמב איז „איבראַאים" געלעגן, אַ מידער מיט אַ טעמפּן ווייטיק אין דעם פריש־פאַרוואונדעטן פוס, און מיט שטאַרע אויגן געקוקט אַף די קופּער און אָראַנדזש־פלעקן פון דער אופגייענדיקער זון, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן צווישן דער געדיכט־קודלאַטער בוים־קרוין. צעשפּליטערטע און אופגעריסענע געדאַנקען האָבן זיך אין זיין מוח געפּלאָנטערט. זאָרגלאָזע קינדער־יאָרן, היים, מאַמע, שוועסטער און ברידער, פון וועלכע ער איז שוין צוויי יאָר אָפּגעריסן, שלאַכט־פעלד, ווילדע אַטאַקעס...

קומענדיק צום געדאַנק, איז ער אופגעשוידערט געוואָרן. לעבעדיק האָט זיך פאַר אים פאָרגעשטעלט דאָס בילד פון דער לעצטער אַטאַקע: אַ געפּלאָנטער פון רייטער מיט רויטע הויזן און ווייסע זשופּאַנעס, אַ קלאַנג פון פּיקעס, פון וועלכער דער מלאך המות האָט מיט טויזנטער אויגן פון שאַרפן שפּיץ אַראָפּגעקוקט, אַ קורצער געראַנגל, און דער האַלדז פון בלאָנדן דייטש איז שוין איבערגעשניטן...

ווי אַ הייסער בליי האָט דאָס בילד זיין מוח אַ ברי געטאָן, און פאַרגעסנדיק דעם ווייטיק פון זיין שווער פאַרוואונדעטן פוס, איז ער אַ ווילדער פון אָרט אויפגעשפּרונגען. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין פּיקע, וואָס איר שפּיץ איז געווען פאַרגליווערט אין בלוט, און מיט אַ בייזער



די דערעפנונג פון צווייטן קאָנגרעס פון אידישע פראָנט-סאָלדאַטן אין ווין.
פון רעכטס אַף לינקס: ל. ברעגמאַן (פוילן), מ. ברעגשטיינאַס (ליטע) מ. בלומענוי, י. פיין (לעטלאנד)

פ ט ו ר ג ע וו אָ ר ן

האַסמיקייט געגומען קלאַפּן איבערן שטאַם פון בוים.

דער געהילך פון די קלעפּ האָט אופגעוועקט דעם „דניעוואלניע“, וואָס איז שטענדיק געשטאַנען לעבן בוים, און איז שטייענדיק איינגעשלאָפן. א דערשראָקענער איז ער געבליבן שטיין, ווען ער האָט דערזען זיין „ווזוואָדני איבראַאים“ אַ צעשויבערטן, מיט אַ באָרוועסן פוס, אַף וועלכן עס האָט זיך געריטלט אַ שווערלעך גרויסע וואונד, און קלאַפּט מיט פאַרשטייפטע הענט זיין פיקע אָן בוים.

מיט אַ רחמנות האָט ער אַ פרעג געטאָן:
וואָס איז מיט דיר ווזוואָדני?

— שנעל נעם צו די פיקע צוברעך זי

פון איר שפּיץ קוקט דער מלאך-המות אַראָפּ! איבראַאים האָט די פיקע צום „דניעוואַלניע“ אַ שליידער געטאָן און מיט אַ פאַרשטיקטן שלוכץ אַף דער ערד אַנידערגעפאַלן.

אַ האָרן-סיגנאַל: וואַך אוף! האָט דעם וואַלד פאַרקלונגען. איבראַאים האָט זיין שווערן קאָפּ פון דער מוי-קאַלטער ערד אופגעריסן. אַ שווערע נאָגעניש האָט ער אין זיין האַרצן געפילט. נאָר וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען, האָט ער נים געוואוסט. פון זאָטל-בייטל האָט ער אַ העמד אַרויסגעצויגן, די אַרבל אַראָפּגעריסן, און מיט זיי דעם פאַרוואונדעטן פוס אַרומגעבונדן. מיט צוביסענע ליפּן פון ווייטיק האָט ער קוים דעם שטיוול אַרופגעצויגן.

צווייטער סיגנאַל האָט אַלע ווזוואָדנע צום זאַמל-פונקט גערופן. איבראַאים

# נאָכן צווייטן וועלט-קאָנגרעס פון אידישע פראָנט-סאָלדאַטן

פון י. אבטשיק

דער צווייטער וועלט-קאָנגרעס פון די אידישע פראָנט-סאָלדאַטן, וואָס איז פאָרגעקומען אין יוני חודש אין ווין, פאַרדינט באמת, מען זאָל זיך אַף אים אָפּשטעלן. ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן ערנסטן און טיפן איבערברוך אין דער גאַנצער ביזאיצטיקער טראַדיציע פון דער באַוועגונג פון די אידישע געוועזענע פראָנט-סאָלדאַטן. די ערשטע קאָנפערענצן און קאָנגרעסן פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע זיינען תמיד געשטאַנען אויסשליסלעך אונטער דעם צייכן פון איינג-פראָפעסיאָנעלע אינטערעסן פון די געוועזענע אידישע פראָנט-קעמפער, זיי האָבן געזאָרגט אויסשליסלעך פאַר זיך אַליין, זיינען כסדר געקומען צו דער אידישער עפנטלעכקייט מיט טענות און פאָדערונגען. עס איז זיי גאַנץ פרעמד געווען דער באַגריף פון דינען דעם פאָלק, זיך באַטראַכטן נישט אַלס זיינע קרעדיטאָרן, נאָר אויך אַלס זיינע בעלי-חובות.

דער לעצטער וועלט-קאָנגרעס האָט אָבער באַוויזן, אַז ער האָט זיך אָפּן און מוטיק געשטעלט אַף אַ נייעם וועג. ער האָט נישט באַגרעניצט זיין פּראָגראַם און זיינע באַשלוסן נאָר מיט זיינע אייגענע אינטערעסן, אָבער קלאָר פּראָקלאַמירט דעם קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם און די נויטווענדיקייט פון אַן איינהייטלעכן פראָנט פון אַלע אידן אין די איינצעלנע לענדער פאַר דער פאַרטיידיקונג פון זייערע באַדרויטע רעכט און אינטערעסן.

דער לעצטער וועלט-קאָנגרעס פון די אידישע פראָנט-קעמפער האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ מעכטיקע דעמאָנסטראַציע קעגן אַנטיסעמיטיזם

און ראַסן־האַס, וואָס האָט ניט קיין גלייכן אין דער וועלט־געשיכטע.

דער האָזיקער קאָנגרעס איז געווען איין יאָמערלעכער וויי־געשריי פון אידן, וואָס האָבן געבלוטיקט פאַרן פאָטערלאַנד, וואָס האָבן אַוועקגעגעבן זייער נשמה, איבערגעלאָזט אין דער היים ווייב און קינדער, גענומען שווערד און ביקס אין די הענט אַריין און געשאָסן — אַף אידן, אייגענע ברידער, — אַלץ כדי צו פאַרטיידיקן זייער פאָטערלאַנד, צו דערפילן זייער פאַטריאָטישע פליכט, צוגלייך מיט זייערע נישט־אידישע חברים.

דער גרויסער אָרקעסטער, וואָס האָט אַלע ווײַלע אויפגעשפילט אַן אַנדערן מיליטערישן מאַרש, איז געווען צו שוואַך צו פאַרטרייבן די געדריקטע שטימונג וואָס האָט געהערשט אין זאַל, מיט זיין טויזנט־קעפיקן פובליקום, ווען די רעדנער האָבן עמפערט געשריען:

— דריי הונדערט טויזנט אידן זיינען געפאַלן אַף די שלאַכט־פעלדער, בעת דער לעצטער וועלט־מלחמה! איז דען דאָס דאָזיקע אידישע בלוט אומזיסט פאַרגאָסן געוואָרן?! ווילדער, באַרבאַרישער אַנטיסעמיטיזם און פינסטערער ראַסן־האַס פלייצט איצטער איבער אידישע קעפ!..

— אידן האָבן געשאָסן צו אידן; פראַנצויזישע אידן צו דייטשע; ענגלישע צו — עסטרייכישע; רוסישע צו — אונגאַרישע; דעמאָלט איז יעדער איד געווען נאָר אַ קינד פון זיין פאָטערלאַנד, און דאָך —

עס איז געקומען שפּעטער דער פרידן. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער ווירטשאַפטלעכער קריזיס, אַלס אויסווירקונג פון דער מלחמה. אַף וועמען זאָל מען אַרופוואַרפן די שולד — אויב נישט, לויט דער באַקאַנטער מעטאָדע — אַף אידן?! דער איד, איז אַלזאָ שולדיק אינם אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה; דער זעלבער איד איז אויך שולדיק אין דעם, וואָס מאַנכע לענדער זיינען געבליבן אומצופרידן מיט דעם פרידנס־פאַרטראַג: דער איד איז שולדיק אין דער אַרבעטסלאָזיקייט, און דער איז שולדיק ווער ווייס אין וואָס נאָך!..

דער טויט אַפן שלאַכט־פעלד האָט נישט געפרעגט אַף דער אָפשטאַמונג; ער האָט גענומען וואו עס האָט זיך אים נאָר געלאָזט — באַ קריסטן און באַ אידן, און איצטער?

נאָכדעם ווי אין אַ געוויסן לאַנד האָט מען עלימינירט געדיינק־טאָוולען פון די געפאַלענע אידן אין דער וועלט־מלחמה פון די אַלגעמיינע העלדן־דיינקמאָלן — איז אויך מעגלעך, אַז באַלד וועט מען האַרטן עקסהומירען די טויטע אידן פון די סאָלדאַטן־מאַסן־קברים, כדי נישט צו פאַרשעמען די דאָרט רוענדיקע קריסטלעכע געפאַלענע, וואָס מוזן ליגן אין איין גרוב מיט טויטע פון אַ „מינדערווערטיקער ראַסע"!..

*



האָט זיך קוים צו דער לאַנקע צוגעשלעפט, און אַ וואַקלדיקער אַף זיין פוס און מיט דער צווייטער אַף די שפּיץ־פינגערן איז ער אַ בלאַסער פאַר דעם קאָמאַנדיר געשטאַנען און ראַפּאָרטירט:

— אַף דער אויסשפּירונג פון נעכטן אָוונט זיינען דריי מענטשן דערהרגעט געוואָרן און איך בין אין לינקן פוס פאַרוואונדעט געוואָרן.

דער קאָמאַנדיר האָט אויפגעשווידערט. זיין בליק איז שטיין געבליבן אַף איבראַאימס „געאָרגיע־צלמים" און שטיל אַ פרעג געטאָן:

— שוין לאַנג אַפן שלאַכט־פעלד?

— צוויי יאָר.

— דאָס ערשטע מאָל פאַרוואונדעט?

— דאָס פערטע מאָל, און די גאַנצע צייט אין „סטראָי", געבליבן, האָט איבראַאים צוגעגעבן.

— ווען איך זאָל האָבן וועמען דיין „ווזוואָד" איבערצוגעבן וואָלט איך דיך אין שפּיטאָל אַוועקגעשיקט.

אַ רייטער פון דיוויזיע־שטאַב האָט זייער געשפּרעך איבערגעריסן ער האָט דעם קאָמאַנדיר אַ מינדלעכע מעלדונג איבערגעגעבן:

— אַ רעזערוו־עסקאַדראָן האָט מען געשיקט אויסצופילן די שיטערע רייען פון אייער פאָלק.

— דיין גליק... האָט דער קאָמאַנדיר צו איבראַאימען אַ זאָג געטאָן און זיך געלאָזט גיין צום טייך. איבראַאימס בלאַסער פנים האָט זיך גענומען רויטלען. פאַר פרייד האָט זיך אים דער קאָפּ פאַרדרייט און ער איז אַף דער ערד אַנידערגעפאַלן. מיט פאַרמאַכטע אויגן איז ער געלעגן און געטרוימט פון אַ שפּיטאָל, אַ זויבערן איבערבאַנד אַפן פוס, אורלויב, באַגעגעניש מיט זיין אַלטער טרייער מאַמען, און די האַרציקע באַגעגעניש מיט די פריינט און באַקאַנטע.

שווערע טריט פון אַ מחנה פערד האָבן אים דעם טרוים איבערגעריסן. ער האָט אויפגעעפנט די אויגן און דערזען פאַר זיך „נאַזאַריאַנעצן" מיט אַ נעמען־צעטל פון די רייטער, וואָס זיינען הינטער אים אין אַ האַלבן קרייז געשטאַנען. „נאַזאַריאַנעץ" האָט אַף זיין קאָמיש רוסיש־קאַווקאַזער דיאַלעקט אַ זאָג געטאָן:

— דער קאָמאַנדיר — זיי אין דיין וווּוואָר דיר געשיקט...

איבראַאים האָט זיך אופגעזעצט, מיט אַ האַסטיקער צופרידנקייט. ביי אים דעם צעטל גענומען, און מיט שנעלע בליקן באַטראַכט די פּנימער פון רייטער, וואָס האָבן מיט דער זעלבער נייגעריקייט געקוקט אַף זייער נייעם וווּוואָדנעם. זייערע פאַרשוויצטע גלאַנצנדיקע פּנימער האָבן זיך קעגן אָפּגלאַנץ פון דער זון אין איין גרויסן פּנים פאַרוואַנדלט, פון וועלכן עס האָבן זיך שאַרף אַרויסגעשניטן צוויי נעזער: איינע אַ דין-שאַרפע, מיט אַ פאַרריסענעם שפּיץ, ווי אַ קרומע שוסטער-נאָדל, די צווייטע: אַ קורצע אַ גראָבע מיט צוגעפּלעטשטע נאָז-פליגלען, ווי ביי אַ בלאָז-זאַק.

מעכאַניש האָט איבראַאים די אויגן אין צעטל אַריינגעשטעלט, און פאַר זיך געשלונגען די אָנגעשריבענע נעמען. ווען ער איז געקומען צו די נעמען זעלינסקי און כמאַראַ זיינען זיי אים אין האַלז געבליבן שטעקן און דעם שלונג פאַרשטעלט, ווערנדיק זיך האָט ער די נעמען זעלינסקי און כמאַראַ הויך אַרויסגעשטאַמלט. זיי האָבן ביידע אַ שפּאַנגעטאָן פאָראויס, און זיך פאַר אים אַוועקגעשטעלט, אַ קאַלטער שווייס האָט איבראַאימען באַשלאָגן, ווען ער האָט דערזען זעלינסקיס טיפּיש-פּוילישן פּנים, מיט דעם שאַרף-שפּיציקן נאָז און גנביש-ברענענדיקע אויגן. לעבן אים איז געשטאַנען דער אוקראַאינער כמאַראַ מיט אַ צעגריבלט פּנים פון פּאָקן, זיינע קעציש אויגלעך זיינען אַרומגעלאָפן מיט אַ קוועקזילבער-שנעלקייט, אונטער דעם קורצן כמעט ביזן נאָז, פאַרוואַקסענעם שטערן.

איבראַאימס בלאַס פּנים איז ווי אַ פאַרקוועטשטער פון אַ שווערער משא, מאָדנע בלוי געוואָרן.

אַ גרין אָדערל האָט זיך צו זיין שלייף צוגעשלייגלט, און ווי מיט אַ קליין האַמערל איבער זיין מוח געקלאַפּט.

מיט אַ שווערן זיפץ האָט זיך איבראַאים אָפּגעשטעלט, און געהייסן נאַזאַריאַנעצן זיי אָפּפירן צו די „יונגע רעמבעלעך“. אַ צעטרייסלטער האָט ער זיך הינטער זיי אַף איין פוס נאָכגעשלעפּט: ניט נאָר פון חעם, וואָס צו אים איז ניט



צו דעם קאָנגרעס זיינען געקומען דעלעגאַטן פון 16 מלוכות, דערונטער לאַטוויאַ (12 דעל.), ליטע (11) דעל.), פראַנקרייך (8 דעל.), ענגלאַנד (6 דעלעגאַטן), אַמעריקע (9 דעלעגאַטן), אַוסטראַליע (4 דעלעגאַטן), פּיין (10 דעלעגאַטן), טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן, באָלגאַריע, עגיפּטן און פּאַלעסטינע צו דריי דעלעגאַטן, א. א.

אינגאַנצן זיינען דאָ אָרגאַניזירטע פראָנט-קעמפער ביז אַ האַלבן מיליאָן, ניט רעכנדיק די הונדערטער טויזנטער, וואָס זיינען געפאַלן אַף די פאַרשיידענע שלאַכט-פעלדער.

יעדע דעלעגאַציע האָט אַריינגעמאַרשירט אין קאָנגרעס-זאַל באַזונדער: פאָראויס איז געטראָגן געוואָרן די נאַציאָנאַלע פאָן פון דעם באַטרעפנדן לאַנד, וואָס די דאָזיקע דעלעגאַציע האָט מיטגעבראַכט. אין דעם מאָמענט ווען די דעלעגאַציע האָט אַריינגעמאַרשירט, איז געשפּילט געוואָרן דער באַטרעפנדיקער נאַציאָנאַלער הימן.

צווישן די אַנוועזנדע האָט מען געקענט זען פאַרשטייער פון עסטרייכישן קאַנצלער-אַמט, פון בירגערמייסטער אין ווין, פון מלוכה-סעקרעטאַר פאַר לאַנדעס-פאַרטיידיקונג, פון וויצע-קאַנצלער באַערנפעלס, דאַן פאַרטרעטער פון די פראַנצויזישע, בולגאַרישע, ליטווישע, פּוילישע געזאַנדטע אין עסטרייך, פון ווינער פּאָליציי-פּרעזידענט, פון דער אידישער קהלה, אויבער-ראַבינער און אַנדערע.

נאָכדעם ווי מען שפּילט דעם עסטרייכישן נאַציאָנאַלן הימן ווערט דער קאָנגרעס דערעפנט. די דערעפנונגס-רעדע איז געווען אינגאַנצן אויסגעפילט מיט דער איצטיקער טרויעריקער לאַגע פון אידישן פאָלק אין פאַרשידענע לענדער. „מיר האָבן עס געהאַלטן פאַר אונזער פליכט — זאָגט דער רעדנער — צו רופן איצטער דעם קאָנגרעס, ווייל די אַלגעמיינע לאַגע פון די אידן פאָדערט דאָס. דאָס אידנטום געפינט זיך היינט-צו-טאָג פאַר אַ פאַרניכטונגס-ווילן, וואָס לאָזט זיך נישט באַגנוגן מיט אָנגריפן די אידישע ערע, נאָר צילט אויך צו צוברעכן די אידישעווירטשאַפטלעכע עקסיסטענצן, און סדי צו טרייבן די אידישע געזעלשאַפט אין אַ צושטאַנד פון פאַרצווייפלונג.

„באַ דריי הונדערט טויזנט אידן זיינען געפאַלן אַף די שלאַכט-פעלדער בעת דער לעצטער וועלט-מלחמה. זיי זיינען געפאַלן, אַז זייערע קינדער, עלטערן און פריינד זאָלן ווערן באַטראַכט אַלס פולע מענטשן, מיט אַלע רעכטן“.

„דער קאָנגרעס מוז זיין אַ מאַניפעסטאַציע פון פעסטן ווילן פון די אידישע פראָנט-סאָלדאַטן, אופצושטיין ווי איין מאַן און מיט אַלע מיטלען באַקעמפן די פעסט פון אַנטיסעמיטיזם“.

נאָכדעם ווערן באַערט מיט אופשטיין פון די פלע-

צער אַלע געפאַלענע, אָן אונטערשיד פון גלויבן און נאַציאָנאַלער צוגעהעריקייט אין דעם וועלט-קריג. עס הייבן זיך אָן די באַגריסונגען פון די דעלעגאַטן. דאָס — זאָגט דער רעדנער — וואָס אונזערע אידישע קאַמעראַדן אין דייטשלאַנד האָבן נישט געטאָרט אַהער קומען זיך צו באַטייליקן אין אונזערע באַראַטונגען, קען אַמבולטסטן אָפּשפּיגלען די דאָרטיקע אידישע טראַגעדיע.

מיט גרויסע אָוואַציעס איז אויפגענומען געוואָרן די באַגריסונג פון פאַרטרעטער פון דער לעטלענדישער דעלעגאַציע ה' יעקב פיין

דער רעדנער האָט צווישן אַנדערן געזאָגט, אַז עס איז אונזער אַלעמענס אויפגאַבע צו דערמאָנען דער וועלט, אַז דאָס אידישע פאָלק, האָט גענוי אַזוי, ווי אַלע אַנדערע פעלקער דערפילט זיין חוב לגבי זיין פאָטערלאַנד און האָט דעריבער דאָס פולע רעכט צו פאָדערן, אַז דאָס רעכט פון אידישן פאָלק זאָל זיין גלייך מיט אַנדערע פעלקער.

אַף די שלאַכט-פעלדער, וואו דריי הונדערט טויזנט אידן האָבן געלאָזן זייערע לעבנס, איז קיין ראַסן-אונטערשייד ניט געווען.

די צאָלרייכע קברים פון די געפאַלענע אידישע פראָנט-סאָלדאַטן איז די קלאָרסטע תשובה אַף די פאָרוואורפן פון אַלע באַשולדיקונגען, אַז פאַרלאַנגענדיק רעכטן, מיידן מיר אויס פליכטן.

די געפאַלענע פראָנט-קעמפער זיינען אַן הכחשה, פאַר די יעניקע, וועלכע באַהויפּטן, אַז אידן זיינען ניט פייאיק צו פאַרטיידיקן זייער פאָטערלאַנד. היינט איז עס אַן אַלגעמיינער באַקאַנטער פאַקט, אַז די אידישע יוגנט פאַרשטייט ערנפול צו קעמפן און צו שטאַרבן פאַרן פאָטערלאַנד.

די אידן פון לאַטוויאַ האָבן געמיינזאַם מיט די אַנדערע מיטבירגער אַקטיוו אָנטיילגענומען אין קאַמף פאַר דער פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט פון זייער פאָטערלאַנד, זיי האָבן אַקטיוו אָנטיילגענומען אין קולטורעלן, ווירטשאַפטלעכן ווידעראויפבוי און ווידעראויפלעבונג פון דורך דעם קריג חרוב-געוואָרענעם לאַנד. אין דער צייט פון די פרייהייטס-קאַמפן האָבן מיר אויסגעפירט אונזער פליכט באַוואוסטזיניק.

מיט דעם קאָנגרעס פאַרפאָלגן מיר ניט קיין דעמאָנסטראַציע. מיר ווילן אַרבעטן פאַרן וואויל פון אונזער פאָטערלאַנד און פאַר פרידן. מיר פאַרלאַנגען ניט קיין פּריווילעגיעס, נאָר גלייכע רעכט, פאַר גלייכע פליכטן.

לסוף באַגריסט ה' פיין דאָס גאַסטפריינטלעכע עסטרייך און דעם בונד פון אידישע פראָנט-סאָלדאַטן פון עסטרייך, וועלכע שטייט אַף דער וואַך פון אידישן כבוד און איבערגיט דעם פּרעזידיום די אָפּצייכ-



אַריינגעפאַלן קיין אייגענער, ווען ער זאָל קענען דעם „ווזוואָד" איבערגעבן, נאָר אויך פון דעם, וואָס צו אים זיינען אַריינגעפאַלן אַזעלכע תלינים, ווי זעלינסקי און כמאַראַ, וואָס זייערע הענט זיינען זיכער ניט ריין פון אידיש בלוט. אינסטינקטיוו האָט ער אין זיי דערפילט די צעשטערונגס-קראַפט פון זיין „ווזוואָד", וואָס איז ביז איצט געווען ריין פון גזלה און רציחה קעגן אַלע אַנדערע און פון גאַנצן פאָלק, און ער האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט דעם „ווזוואָד" ניט פאַרלאָזן ביז ער וועט פון זיי ניט פּטור ווערן.

לעבן די „יונגע דעמבעלעד" האָבן די סאָלדאַטן די פערד צוזאַמלט און זיי אַראָפּגעפירט צום טייכל אויסבאָדן. איבראַאים איז באַם ברעג אַף אַ שטיין געזעסן, און די אויגן פון די צוויי „מלאכי-חבלה" ניט געקאָנט אָפּרייסן...

אַ בלייענע גרויקייט האָט דעם דרום-ראַנד פון הימל באַצויגן, און פאַרשלייערט מיט געדיכטע וואָלקנס. שניידנדיקע פייער-שלאַנגען האָבן דעם הימל געפּאַלדעוועט, און הילכיקע דונער-קנאַלן האָבן דעם וואַלד אויפגעטרייסלט. אַ געדיכטער רעגן האָט ווי מיט לאַנגע בייטשן גענומען שמייסן. אַלע זיינען ביזן העמד דורכגענעצט געוואָרן, און מיט מורא דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען פאַרגראָבן. אַ שליח פון קאָמאַנדיר האָט געמאָלדן, אַז יעדער „ווזוואָד" באַזונדער זאָל אין דערבייאיקן שטעטל אַראָפּפאָרן און פאַר זיך „אַ דאַך" אויסזוכן.

דאָס מאָנאָטאָנע קלאַפּעריי פון די שווערע פערדישע פּאָדקעוועס האָט דאָס שטעטל פון שלאָף אויפגעוועקט. פאַרשלאָפענע פּנימער מיט אימת-מות אין די אויגן האָבן זיך פון הינטער די פאָרהיינגלעך באַוויזן.

דאָס טרוקענע קרעכצן פון די אויפגעבראָכענע און אויפגעעפנטע טויערן האָבן צובייסלעכווייז די רייטער אין זיך פאַרשלונגען. כמאַראַ און זעלינסקי האָבן פאַר זיך קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. מיט נישטערנדיקע אויגן האָבן זיי זיך אין יעדער פענסטער איינגעקוקט, און מיטאַמאָל ווי אַ וויכער, אין אַ שמאָל געסל זיך אַריינגעריסן.

איבראַאים האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַן אַלטן בית-המדרש.

די צושלאָגענע שויבן און צופּראַלטע טירן, לעבן וועלכע עס האָבן זיך געוואַלגערט שמות-בלעטער פון משניותן, עין יעקבס און אַנדערע ספרים, האָבן אים ווי דורך אַ געהיימע קראַפט צוגעצויגן. אַן אָבלדיקער איז ער אַפן שוועל געבליבן שטיין און האָט באַטראַכט דעם חורבן, וואָס אַ להכעיס-האַנט האָט פון דער אידישער שול געמאַכט. זיין בליק איז פאַרגליווערט געוואָרן אַף דעם צוריסענעם פרוכת, וואָס איז אַף דעם צובראָכענעם טירל פון אָפענעם אָרון-קדוש געהאַנגען. דער געזונטער פוס איז באַ אים, ווי אונטערגעבראָכן געוואָרן, אַ שטעכעניש פון טויזנטער שאַרפע נאָדלען האָט ער אין זיין גאַנצן קערפער דערפילט. ער האָט זיך קוים איבערן שוועל אַריבערגעשלעפט און אַפן נאַסן בריקל זיך אַוועקגעזעצט. דער רעגן איז אַביסל שיטערער געוואָרן און די וואָלקנס דורכזיכטיקער. אַ בייזע פאַרדראָסיקייט האָט איבראַאימס פנים באַצויגן, זיינע אויגן זיינען שטיין געבליבן אַף דער גרויסער שמוציקער קאַלוזשע, אַף וועלכער גאַנצע „עסקאַדרעס" וואַסער-בלעזלעך האָבן איינער דעם צווייטן געשטויסן און געפּלאַצט. אַ געפיל פון ניי-געריקייט האָט אין אים פּלוצלונג דערוואַכט. ווי אַן אָפּגעבריטער איז ער פון אָרט אָפּגעשפּרונגען, מיט די לעצטע כחות זיך אַפן פערד געזעצט, און זיך געלאָזט פאָרן צו יענעם געסל וואו זעלינסקי און כמאַראַ זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן. וואו ניט וואו האָט זיך דערהערט אַ קרעכץ פון אַ פאַראָסטעטן לאָדן, וואָס האָט די שטילקייט צושטערט. איבראַאים איז צוגעפאָרן צום ראָג פון געסל און איז שטיין געבליבן.

צופאָרנדיק, האָט ער באַמערקט באַ כמאַראַן אַ שרעקלעך צובלוטיקטע האַנט, אַף וועלכער ער האָט אַ מזוזה אַרופגעלייגט, וואָס ער האָט נאָר וואָס פון טיר אַראָפּגעריסן. די אותיות זיינען פאַרטרונקען געוואָרן אין בלוט פון דער צעיושעטער האַנט, און געמישט דאָס בלוט מיט אַ שוואַרצער פליסיקייט.

איבראַאים האָט ווי מיט ניט זיין קול אויסגעשריען:

נונג, וועלכע שטעלט פאָר אין מיניאַטור די פאָן פון פאַראיין.

אין זאַל האָבן זיך אויך געפונען פיל פּערזענלעכקייטן פון דער אַלטער עסטרייכיש-אונגאַרישער אַרמיי, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט זייערע אידישע חברים געקעמפט מוטיק אַפן קריגס-פראָנט. צווישן די אַנוועזנדע האָט מען געזען דעם אַלטן פעלד-מאַרשאַל — גענעראַל ה' טיהאני, וועלכער האָט אויך געהאַלטן אַ קורצע, אָבער זייער וואַרעמע באַגריסונג.

— „איך פאַראורטייל — זאָגט דער אַלטער מיליטער-מאַן—די איצטיקע אָנגריפן קעגן אידנטום. אין דער וועלט-קריג האָט מען נישט געקענט קיין אונטערשיד פון ראַסן. — מען האָט נאָר געקענט — סאָלדאַטן".

די דעלעגאַטן פון קאָנגרעס זיינען אויך אופגענומען געוואָרן פון מלוכה-סעקרעטאַר פאַר לאַנדעס-פאַרטיידיקונג גענעראַל וו. צענער, וועלכער האָט צווישן אַנדערן געזאָגט:

„... אַלס פראָנט-קעמפער און אָפיצער האָב איך געהאַט די געלעגנהייט אַסך מאָל זיך צו איבערצייגן, אַז די אידישע אָפיצערן און סאָלדאַטן האָבן מוטיק געקעמפט פאַרן פאָטערלאַנד און האָבן אויסגעפירט זייערע פליכטן באַוואוסטזיניק און טריי".

צום סוף האָט דער קאָנגרעס צווישן אַנדערן אָנגענומען דעם אינטערעסאַנטן באַשלוס צו בויען אין פּאַלעסטינע אַ קאָלאָניע, געווידמעט דעם אָנדיינק פון די צוועלף טויזנט דייטשע אידן, וואָס זיינען געפאַלן אין דער מלחמה פאַרן פאָטערלאַנד.

מען טאָר ניט! מען וועט דיר די הענט דאַרפֿן אָפּשניידן!

— צום טייוול! האָט כמאַראַ, קוועטשנדיק די מזוזה צום וואונד געענטפֿערט.

א פאַרדומפּטער קול, וואָס האָט זיך דערטראָגן פון צווייטן עק געסל, האָט זיי דעם געשפּרעך איבערגעריסן. איבראַאים האָט דאָס פערד צו יענעם אָרט א טרייב געטאָן, און ניט זייענדיק בכוח דאָס פערד אָפּצושטעלן לעבן דער טיר, פון וואַנעט דאָס קול האָט זיך געטראָגן, האָט ער זיך פון זאָטל אַראָפּגעגליטשט גלייך אין פאָדער - הייזל אַריין. ווי א צוגענאָגלטער צום אָרט איז ער שטיין געבליבן פון דעם שוידערלעכן בילד, וואָס ער האָט דערזען: א לעבעדיקער מענטשן - קנויל, אונטער וועלכן עס האָט זיך געצאַפּלט אַן אַנטבלויזט-צעקרעלט פרויען - קערפּער, און פאַרשטיקטער כאָרכלען האָט זיך געריסן פון איר צובלוטיקט מויל, וואָס איז געווען פאַרשטעלט מיט א פעסטער מאַנסביל-האַנט. מיט אַ צופליקטער באָרד און צובלוטיקטן פּנים איז איר אַלטער פאָטער ביי אירע פיס געלעגן און מיט די לעצטע כחות די מאַנסביל - חיה פאַרן גאַרטל געשלעפּט. ווען דער אַלטער האָט א פרעמדן אויג דערפילט, האָט ער אַף אַלע פיר צו דער שוועל צוגעפּויזעט, אַף די קני שטיין געבליבן, און מיט פאַרריסענע אויגן און אַ שטילן עקסטאַז זיך פאַרגאַנגען. איבראַאים האָט זיך פון זיין פאַרשטיינערטקייט א ריס געטאָן און זיך אַראָפּגעוואָרפן אַף דער צווייפיסיקער חיה און מיט אַ ווילדן אימפּעט גענומען רייסן פאַר די אַקסלען, און שלעפּן צו זיך. דער פרויען - קערפּער האָט זיך אַ קליינע פאַרלייכטערונג דערפילט, האָט ער זיך בליץ שנעל ווי אַ שלאַנג אין אַ קנויל פאַרדרייט, און זיך אַוועקגעלייגט אַף אַ זייט. דער מאַנסביל האָט זיין צושויבערטן קאָפּ אויפגעהויבן און איבראַאים האָט דערזען זעלינסקין.

א שווערער פוס - שטויס האָט איבראַאימען ווי א פּילקע צום פענסטער אַ שלײַדער געטאָן און די שויבן אַף פאַסן און שטיקער צושפּליטערט.

דורך די צובראָכענע שויבן האָט זיך איבראַאימס קול אין דרויסן אַרויסגעריסן, און כמאַראַן צו הילף גערופן.



# דער דאַנק

דערציילונג פון

**א. יאַקובאָוויטש**

דאָס איז געווען דאַמאָלסט אין 1915 יאָר, נאָך די טעג פון די גרויסע ווינטער-שלאַכטן בא די מאַזורער זומפּן אין מזרח-פּרייסן. אין יענער צייט זיינען שוין הונדערטער טויזנטער מענטשן צוריסן געוואָרן אַף שטיקער אין דער וועלט - מלחמה און דער ווייגעשריי האָט זיך געהערט פון איין עק וועלט צו דעם צווייטן. שטעט און שטעטלעך זיינען חרוב געוואָרן, און עס איז ניט געווען א דאָרף אין מזרח-פּרייסן, וואו די פייער - שפּייענדיקע קאַנאָנען האָבן צו אים ניט דערגרייכט.

עס איז געווען ערשט איינִיקע טעג נאָך די שלאַכטן. די רוסישע חילות זיינען געווען ווייט פאַרטריבן און פרידריך טימאַן האָט זיך אומגעקערט צוריק אין זיין פאַרלאָזטן דאָרף.

א פראָסטיקער פרימאָרגן איז געשטאַנען איבער מאַזוריען, דער הימל איז געווען פאַרוואָלקנט, די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט בלוט, אַלע ווילע פלעגט זיך הערן פונדערווייטן א ווייטער ראָלן פון קאַנאָנען, אַזוי ווי א לעצטער דונער פון אַוועקגייענדיקן געוויטער. א קאַלטער ווינט און שניי האָט געווייט פון ווייטן מזרח. די פעלדער זיינען געווען שטאַרק צוראָאינירט פון די לעצטע שלאַכטן און פאַרדעקט מיט שניי, ס'האָבן זיך געזען נאָר גרויסע האָלצערנע צלמים פון ברידער - קברים און מחנות שוואַרצע ראָבן האָבן זיך ווילד אַרומגעיאָגט אַף די פאַרפראָרענע פעלדער, זוכנדיק וואָס צו עסן אין דער ווינטער - נויט.

פרידריך טימאַן איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך אומגעקערט אין זיין דאָרף אין מאַזוריען, גלייך נאָך איינִיקע טעג, ווי די העלדישע דייטשן האָבן אין פראָסט און שניי - שטורעם פאַריאָגט די רוסן פון זייער לאַנד. דעם מזרח - פּרייסישן פויער האָט געצויגן א היים. און ווי נאָר דער וועג איז

כמאַראַ איז שוין אין געסל נישט געווען. אַף דעם אָרט, וואו ער איז געשטאַנען, איז ניט מער ווי אַ רויטער בלוט-פלעק געבליבן. מיט אַ דאָפּלטער ווילדקייט האָט זיך זעלינסקי פון דאָס ניי אַפן פאַרקנוילטן פרויען-קערפער געוואָרפן און מיט זיינע שאַרפע ציין זיך אַריינגעגראָבן אין אירע הענט, וואָס האָבן פעסט די פיס אין אַ רינג געשלאָסן. די פאַרדומפטע שלוכץ-געשרייען האָבן די קליינע פיר ווענט געטרייסלט, און איבראַאימען דורכן פענסטער נאָך הילף אַרויסגעטריבן. איבראַאים האָט צוויי מאָל אין דער לופטן אויסגעשאָסן. אַ געלויפעריי פון טיר און טויער האָבן מיט פאַרצווייפלונג און געשרייען דאָס געסל פאַרפולט. צווישן די האַלב-נאַקעטע ביז טויט-דערשראָקענע מענער און פרויען האָבן זיך „דעגעסטאַנער" אַף שוימיקע פערד באַוויזן. מיט אַ ברייטן אָדלער-שוואונק זיינען זיי פון די פערד אַראָפּגעשפרונגען און צוזאַמען מיט איבראַאימען זיינען זיי אין פאָדער-הייזל אַריינגעלאָפן.

ווי שווערע האַמערס האָבן זיך די קולאַקעס ווי אַ האָגל גענומען פאַלן אַף זעלינסקיס קאָפּ. אַ פאַרחלשטע און אַ צודריקטע ווי אונטער אַ שווערן מיל-שטיין האָבן זיי דעם פרויען-קערפער אַ צוביילטן אַרויסגענומען און אַפן בעט אַרופגעלייגט. מיט וואַקלדיקע פיס, ווי ביי אַ שיכור, האָט זיך דער אַלטער פאָטער צום בעט פאַרשלעפּט און מיט פאַרמאַכטע אויגן שטיל געמורמלט:

— מוחל, רייזעלע... מוחל!

אַ שווערער געראַנגל איז פאָרגעקומען צווישן די „דעגעסטאַנער" און זעלינסקין, ווען זיי האָבן אים גענומען בינדן. דער לעדערנער גאַרטל האָט ווי אַן איבערגעברענטער שטרוי זיך אַף שטיקלעך צעריסן און ווי אַ צערייצטער טיגער האָט ער זיך אַף אַלעמען געוואָרפן, נאָר אַן אומגעריכטער קלאַפּ מיט אַ „קאָראָמיסלע" האָט זעלינסקין אַ פאַרטויבטן אַף דער ערד אַוועקגעשליידערט.

באַם פענסטער האָט זיך דער קאָמאַנדיר פון פאָלק מיט אַ מחנה רייטער באַוויזן. ער האָט זיין קאָפּ איבערן פענסטער אַריבערגעבויגן און זיך דערשראָקן פאַרן צעביילטן קנויל, וואָס איז קעגן

פריי געוואָרן איז פרידריך טימאַן געקומען צוריק אין זיין דאָרף. די פרוי און קינדער האָט ער נאָכגעלאָזן אין שטאָט. נאָר זיין הונט סטרופ האָט ער מיטגענומען.

ער איז געשטאַנען אַף זיין נאַקעטן הויף און באַקוקט די חורבונות, וואָס די שלאַכטן האָבן דאָ אָנגעמאַכט. ער איז אַריין אין זיין שטוב, דורכגעגאַנגען אַלע ליידיקע צימערן, קיין פענסטער און טירן זיינען ניט געווען, אַ שטיק דאַך איז געווען אַראָפּגעשאָסן, נאָר ער האָט זיך ניט געקאָנט אָפּוואונדערן, וואָס זיין הויז און שטאַל זיינען בכלל גאַנץ געבליבן, אין דער צייט, ווען אין די אַרומיקע דערבייאיקע דערפער זיינען געשטאַנען בלויז אויסגעברענטע אויוונס און קוימענס.

ער איז געשטאַנען אַפן הויף און ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל איינגנטליך פריער אָנהויבן צו טאָן איינער אַליין אין דעם פאַוויסטן דאָרף אין אַזאַ קעלט.

מיטאַמאָל האָט ער דערהערט דעם בילן פון זיין הונט. טימאַן האָט גענומען זיין שטעקן און איז אַרויס פון הויף אין פעלד, זען, וואָס דער הונט בילט. פאַר אים איז געלעגן זיין פעלד, ווייס באַפליגלט, אונגעזייט, אַזוי, ווי ער האָט עס געמוזט פאַרלאָזן. מער האָט ער ניט געזען. נאָר דער הונט איז אים אַנטקעגנגעלאָפן, געשפרונגען אין פנים און צוריקגעלאָפן און זיין בילן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ געוויין. טימאַן איז אים אַלץ נאָכגעגאַנגען, ביז דער הונט האָט זיך אָפּגעשטעלט. דאָ האָט ער באַמערקט טיף אין שניי אַ טויטן סאָלדאַט. טימאַן האָט אָפּגעטריבן דעם הונט, צוגעגאַנגען נעענטער און זיך איינגעבויגן אָפּגעווישט מיטן האַנט די שניי פון שינעל. עס איז געווען אַ דייטשער אינפאַנטעריסט. ער איז געלעגן גראָד אויסגעצויגן מיטן פנים צו דער ערד, די הענט פאָראויס, אייניקע שריט ווייטער איז געלעגן דער ביקס, עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט באַפאַלן געוואָרן אין לויפן. אַפן האַלז באַם רעכטן אויער האָט זיך געזען די וואונד און אייניקע לאָקן שוואַרצע האָר, וואָס זיינען געווען אַרויסגעפאַלן פון העלם זיינען געווען מיט בלוט צוגעקלעפּט צום שטערן, ווען ניט דער בלוי-געשוואָלענער פנים, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז ער שלאָפט.

טימאַן האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַף די קני, ביי דעם טויטן העלד און גענומען די קאַלטע האַנט פון טויטן פעסט אין זיין האַנט, אַזוי, ווי ער וואָלט עס וועלן אָנוואַרעמען. טימאַן האָט געטראַכט וועגן זיין ליבן האַנס, וועלכער איז אויך געווען אַפן שלאַכט-פעלד אַפן מערב-פראָנט, פון וועלכן ער האָט שוין אייניקע חדשים קיין שום ידיעה ניט געהאַט.

טימאַן איז אופגעשטאַנען פון דער ערד און גענומען באַטראַכטן דעם טויטן און עס איז אים פאַרגעקומען אַז אַזוי מוז ערגעץ וואו ליגן אויך זיין האַנס. ער איז

געשטאַנען און געטראַכט, אַז אַזוי לאָזן אים ליגן טאָר מען נישט.

ער האָט זיך ווידער איינגעבויגן צום טויטן און גענומען זוכן אין זיינע קעשענעס. און ער האָט זיך ווידער געמוזט שטעלן אַף די קני, כדי עס זאָל אים זיין באַקוועמער. קיין סך זאַכן האָט ער ניט געפונען. אַ טאַשנטוך מיט די אותיות „ד. ק.“, אַ מעסער, אַ זילבערנעם פּאַפּיראָס-האַלטער, אַ טאַשנבוך מיט בריוו און אַ בילדל פון אַ שיינער עלטערער דאַמע, אַ קליינעם נייעם אידישן געבעט-בוך (אַ סידורל), וואָס איז געווען מיט דער דייטשער איבערזעצונג און די דערקענונגס-מאַרקע „דוד קאַהנער“, פריוויליקער אינפאַנטעריסט פון 23 אינפ. רעג., 18 יאָר אַלט. טימאַן האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ פריוויליקער אידישער העלד, וואָס איז געפאַלן אַפן פעלד פון ערע פאַרן ליבן דייטשן פאָטערלאַנד.

ער האָט צוזאַמענגענומען די אַלע זאַכן און צוזאַמענגעבונדן אין טאַשנטוך. ער האָט אייגנטלעך ניט געוואוסט וואָס ער זאָל הערמיט טאָן, נאָר אַזוי איז אים פאַרגעקומען וועט זיין בעסער. דאַן איז ער אַוועק צוריק אין זיין חרובער הויז, געמאַכט פייער און זיך אַביסל דערוואַרעמט. דאַן איז ער אַריין אין שטאַל און געפונען אַ גרויסן קאַסטן, אין וועלכן די קינדער פלעגן האַלטן זייערע קראָליקעס. פון די צווישן-ווענטלעך האָט ער געמאַכט אַ דעקל צום קאַסטן. ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן, האָט ער גענומען די לאָפּעטע און אַוועק אין פעלד צום טויטן סאָלדאַט.

עס איז געווען ניט קיין לייכטע אַרבעט פאַר אים צו גראָבן דעם קבר. די ערד איז געווען האַרט פאַרפראָרן און די לאָפּעטע איז געווען שטומף. ער האָט געגראָבן און געטראַכט, אַז דאָס איז דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן, אַז ער גראָבט פאַרפראָרענע אַקער-ערד. דער שוויים האָט זיך פון אים געגאָסן, און אַלע ווײַלע פלעגט ער לאָזן שטיין די לאָפּעטע אין די פאַרפראָרענע ערד און זיך אָפּרוען, ווייל דער רוקן און נאַקן האָבן אים ווי געטאָן. ער פלעגט אַלע ווײַלע קוקן אַפן טויטן און אין גרוב, און געזאָגט צו זיך אַליין, עס איז נאָך ווייניק מען דאַרף נאָך גראָבן.

אַזוי האָט ער געגראָבן ביז עס איז טונקל געוואָרן, דאַן האָט ער איינגעגראָבן דעם קאַסטן און זאָרגפעלטיק אַוועקגעלייגט דעם טויטן סאָלדאַט, ווי ער איז געלעגן, אין שינעל, מיטן העלם. ער האָט זיך דערמאַנט אָן קליינעם געבעט-בוך, וואָס ער האָט געפונען בײַם טויטן, און ער האָט באַשלאָסן, אַז דאָס וועט ער אים מיטגעבן אין קבר. און ער איז אינדערגיך אַוועקגעלאָפן אין שטוב און געבראַכט דעם קליינעם סידורל און עס אַריינגעשטעקט דעם טויטן אין האַנט. צוגעדעקט דעם דעקל פון קאַסטן און גענומען גיך פאַרשיטן די גרוב. עס איז שוין געווען שטאַרק פינ־



אים איבער דעם פענסטער אין בעט געלעגן.

— „פּאָד סוד, מערזאַוווצאַ! — האָט ווי אַ דונער קנאַל אָן דעם נידעריקן פּאָלאָפּ זיך אָנגעשלאָגן.

ווי פון אַ הינער-פלעט האָט זיך ריי-זעלע פון בעט אופגעכאַפּט און מיט אַ היסטערישן געוויין גענומען זיך רייסן די האָר פון קאָפּ.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך איבערגעצלמט און אַרויסגענומען דעם קאָפּ פון פענסטער. — — — — — — — — — —

די טשערעדע איי', שוין לאַנג פון פעלד געגאַנגען, ווען אַלט און יונג האָבן זיך מחנות-ווייז געצויגן צום עקזעקוציע-פּלאַץ.

דער גאַנצער פאָלק איז אין צוויי שורעם געווען אויסגעשטעלט.

מיט די הענט אַף הינטן איז זעלינסקי צו אַ סלופּ געווען צוגעבונדן. אַ ווייס טיכל האָט אין דער לופטן אַ פלאַטער געטאָן און אַ „זאַלפּ“ פון צען ביקסן האָט די לופט מיט אַ פייף צושניטן. ווי אַ שטיק גליוועך האָט זיך זעלינסקי פון סלופּ אַ גליטש געטאָן און מיט אַן אַראָפּגעפאַלענעם קאָפּ אַף די קני אַראָפּגעפאַלן.

כמאַראַ איז מיט איבראַאימען אַף אַ פור געזעסן גרייט אַוועקצופאָרן אין שפּיטאָל אַריין, האָט זיין געשוואָלענע בלויבראַנדיקע האַנט אין דער הויך אופגעהויבן און מיט קריצנדיקע ציין יעדן אין דער שטיל געשאָלטן. ווען איבראַאים האָט דעם זאַלפּ דערהערט, האָט זיך אים אינסטינקטיוו פון מויל אַרויסגעריסן:

— פּטור געוואָרן!...

כמאַראַ איז מיטן קאָפּ אין שטרוי אַוועקגעפאַלן, און ווי אַ הונגעריקער שאַקאַל זיך צעוויינט.

סטער, ווען ער האט פארענדיקט זיין שווערע ארבעט. די לבנה האט העל באלויכטן דעם גרויסן ווייס־פארפרארענעם פעלד מיט דעם נייעם איינזאמען סאלדאטן־קבר. טימאן איז יענע נאכט געגאנגען צוריק אין שטאט א צופרידענער, ער האט אפגעטאן אזא גוטע זאך. ער האט מקבר געווען אן עלנטן געפאלענעם סאלדאט.

אזוי פלעגט ער יעדן טאג קומען פון שטאט אין דארף צו ברענגען אין ארדנונג זיין חרובע היים. נאך לאנגע מי און שווערע ארבעט איז אים געלונגען צורעכט צומאכן די שטוב, דעם האף, וואס איז געווען שטארק צושאסן, און וואו דער שונא האט אריינגעוויית. דאן האט ער אויך אראפגעבראכט זיין פרוי און צוויי קינדער.

מיט דער צייט האבן אנגעהויבן קומען נאך פויערים מיט די פאמיליעס, אין די היימען, וואו זיי האבן דאמאלסט געמוזט אנטלויפן, כדי די צעשטערטע היימען צוריק אויפצובויען. עס איז געווען א שווערע צייט, און ניט קיין לייכטע ארבעט, אבער באלד איז געקומען דער פרילינג, דער שניי איז צושמאלצן און די ערד איז ווידער ווייך געווארן. די רעגירונג האט געשיקט האנטווערקער און ארבעטער כדי אלץ אין ארדנונג צו ברענגען. די פויערים האבן באקומען פערד און בהמות און פוטערמיטל, מען האט אויך געגעבן פרייע זריעה צו זייען. און איבער די פארלאזטע וויסטע פעלדער האט זיך ווידער געזען דער פויער מיטן אקער. פאר די רוסן האט מען שוין מער קיין פחד ניט געהאט. זיי זיינען געווען ווייט פארטריבן. טימאן, אז ער האט געאקערט זיין פעלד, האט ער זייער אויפגעפאסט אז דער פערד און אקער־אייזן זאל ניט אנרירן דעם קבר פון געפאלענעם סאלדאט. ער האט געלאזן א שמאלן שטרייף ארום פריי. אין דעם טאג, ווען עס איז געקומען זיין פרוי און קינדער צוריק אין דארף, האט ער זיי ארויסגעפירט אפן פעלד, וואו עס איז געווען דער קבר און זיי שטיל געזאגט. דא ליגט א פרייוויליקער אידישער סאלדאט. איך האב אים דא געפונען און אליין באגראבן, איר זאלט זארגן קינדער, אז דער קבר זאל זיין אלעמאל אין ארדנונג.

ווען עס איז ווארעמער געווארן האבן די קינדער פארפלאנצט בלומען אפן קבר און ווען זיי פלעגן צוקומען צום קבר פלעגן זיי אויסטאן די היטלען און שטיל ריידן צווישן זיך, ווי ניט וועלן שטערן דעם טויטן אין זיין אייביקן שלאף.

טימאן האט אלע זאכן און די דערקענונגס־מארקע, וואס ער האט געפונען באם טויטן באהאלטן בא זיך אין קאמאד. דעם זומער איז גראדע געווען א גוטע גערעטעניש אפן פעלד, וואו דער קבר איז געווען, און טימאן, וועלכער איז געווען א גלייביקער מענטש,



# א צופאל

עסקיז פון ק. מיכאל

אומעדיק אפן הארצן, שטארק אומעטיק!

ניט ווייסנדיק וואוהין צו אנטלויפן פון דעם אומעט, איז יאסל קאץ, א פינף־און־זעכציק־יאריקער איד, ארויסגעגאנגען פון הויז. ארויסגעגאנגען איז ער מיט אן אויסרייד צו קויפן וואס צום פרישטיק, נאר ער האט וועגן דעם פארגעסן און, א מידער, אראפגעלאזט זיך אף דער באנק לעבן דיינקמאל פון עפעס א סאלדאט מיט א ביקס. ווער איז געווען אט דער סאלדאט מיט דעם ביקס און פארוואס האט מען אים אוועקגעשטעלט א דיינקמאל — האט קאץ ניט געוואוסט: דאס איז אבער געווען דאס איינציקע ארט, וואו עס איז געשטאנען א באנק ניט ווייט פון זיין היים, און ער פלעגט זיך דארט אלעמאל אוועקזעצן אפרוען. אוועקגעזעצט האט ער זיך אייגנטלעך בלויז אף איין מינוטעלע, נאר ער האט פארגעסן און אפגעזעסן אזוי א גאנצע שעה און אפשר צוויי.

אים האט געמאטערט די „אסטמא“... דאס הייסט, דאקטוירים זאגן אז עס איז „אסטמא“, אים אבער האט זיך געדאכט, אז דאס איז גאר פון אומעט. פון אומעט אטעמט ער אזוי שווער גלייך ווי א שטיין ליגט אים אפן הארצן. ער האט שוין פאראויס געוואוסט, אז דער אומעט רוקט זיך אן. נאך אין פרימארגן

האָט געגלויבט, אַז דאָס איז צוליב דעם קבר, וואָס געפינט זיך אַף זיין פעלד.

אין יענער צייט איז אויך אָנגעקומען די טרויעריקע ידיעה פון רעגימענט פון מערב־פראָנט, וואו זיין עלטערער זון האַנס האָט זיך געפונען מיט דעם טראַדיציאָנעלן כתב: „אייער זון האַנס טימאַן איז געפאַלן אַלס העלד אין קאַמף פאַרן פאָטערלאַנד“.

גרויס איז געווען דער טרויער און ווייטיק פאַר דער פאַמיליע, נאָר די טימאַנס פלעגן געפינען אַ טרייסט באַם אידישן קבר באַ זיי אַפן פעלד. דאָ באַם קבר פלעגן זיי אין דער פרייער צייט אָפּזיצן שעהן לאַנג. און פון דאַמאָלסט אָן איז דער קבר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ הייליקטום. טימאַן האָט פאַרפלאַנצט אייניקע בוימער אַרום קבר, די ביידע אינגלעך האָבן פאַרפלאַנצט בלומען און אין די זונטיק־טעג, ווען די טימאַנס זיינען פריי געווען פון אַרבעט, פלעגט די גאַנצע משפחה פאַרברענגען באַם קבר, און דער אַלטער טימאַן פלעגט זאָגן די קינדער, אַז דאָס האָט גאָט זיי געגעבן פאַרן פאַרלאָרענעם האַנס, און זיי מוזן אופפאַסן דעם קבר, פונקט, ווי עס וואָלט געווען זייער ברודערס קבר.

*

עס איז אַוועק אַ יאָר. סוף זומער.

דער קאָרן איז געשטאַנען הויך און געווען ווידער זייער געראָטן. טימאַן איז געווען איבערצייגט, אַז די גערעטעניש איז נאָר צוליב דעם קבר, וואָס געפינט זיך אַף זיין פעלד, און ער איז געווען זייער צופרידן וואָס ער האָט דאַמאָלסט באַגראָבן דעם אָרימען יונגע אַף זיין פעלד.

ער איז געגאַנגען פון פעלד אין הויף, דאָ ערשט אין הויף האָט ער דערזען, אַז דער פאַסטאָר פון זייער דאָרפסקירכע גייט אים אַנטקעגן. ער האָט אים באַגריסט. ער האָט דעם גאַסט אַריינגעפירט צו זיך אין שטוב, האָט אים געגעבן אַ שטול צו זיצן, דאַן האָט דער פאַסטאָר אים געזאָגט צוליב וואָס ער איז געקומען.

„איר האָט דאָ אַ קבר, אַף אייער גרונטשטיק, הער טימאַן“.

— „יאָ, הער פאַסטאָר“.

— „ווי קומט ער דאָרטן?“

טימאַן איז געשטאַנען אַנטקעגן דעם פאַסטאָר און האָט ניט גערן דערציילט דעם פאַסטאָר די געשיכטע מיטן קבר. איך האָב עס באַגראָבן, עס איז געווען אַ יונגער אידישער פרייוויליקער סאָלדאַט. איך האָב אים געפונען ליגנדיק טויט אַף מיין אַקער־פעלד. זיין נאָמען איז דוד קאַהנער, 18 יאָר אַלט. איך האָב דאַן געפונען זיין דערקענונגס־מאַרקע און אָפּגעשיקט אין זיין רעגימענט, אָבער קיינער האָט זיך דאַמיט ניט געקימערט.



האָט ער געוואוסט, אַז היינט וועט דעם גאַנצן טאָג זיין אומעטיק. אייגנטלעך איז היינט אינדערפרי ניט פאָרגעקומען קיין שום באַזונדערע געשעעניש, וואָס זאָל אַרויסרופן דוקא היינט אַן ערגערע שטימונג, איידער נעכטן, למשל, אָדער אייערנעכטן. נאָר אַזוי פלעגט דאָס שוין אַלעמאָל זיין — ער ווייס דאָס, ער האָט דאָס שוין לאַנג באַמערקט — אַז עפּעס אַ נאַרישקייט, אַ קלייניקייט רופט פּלוצלונג אַרויס באַ אים אַ שווערן שטורם, אַ גאַנצן תהום זכרונות, שווערע דערינערונגען. אָט טאַקע פאַר דעם, פאַר די דאָזיקע דעראינערונגען האָט ער מער ווי פאַר אַלץ מורא געהאַט.

היינט אינדערפרי איז צו זיין פענצטער צוגעקומען איינער אַ בעטלער און אָפּגעשפּילט עפּעס אַ זאַך אַפן פידל און אונטערגעזונגען. מען האָט אים געוואָרפן געלט... קאַץ האָט אויך אַראָפּגעוואָרפן צוויי פעניס, און אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען פון פענסטער, האָט עפּעס טרויעריקעס אַ צופּ געטאָן אים באַ דער נשמה... ווי אַ ביס געטאָן. דערפון האָט זיך עס אָנגעהויבן. מיט אַמאָל איז קלאָר און דייטלעך אַרויסגעשוואומען אין זכרון די אַלטע היים — דאָס קליינע שטעטל מיט זיין אַמאָליקע שטיבל, וואו עס פלעגט זיך אַמאָל אויך באַווייזן אין הויף אַן אָרימאַן מיט אַ פידל, צו מיט אַ „קאַטערינקע“ און מען פלעגט אים דערלאַנגען אַ קאָפּיקע. קעגן זיין ווילן האָט אים די כוואַליע פון דעראינערונגען פאַרטראָגן אַלץ ווייטער און טיפער. ווי לעבעדיקע, האָט ער דערזען פאַר זיך דאָס פאַרשטאָרבענע ווייב און אים, דעם קדוש זיינעם, וואָס איז געפאַלן אין דער מלחמה, זיין עלטערן זון, וועלכן ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן. דער זון איז שטענדיק געלעגן באַגראָבן באַ אים אין האַרצן, ווי אין אַ לעבעדיקן קבר, און צייטנווייז פלעגט זיך עפענען דער קבר און פייניקן און רייסן און פאַרסמט דעם פאָטערס האַרץ מיט ביינקשאַפט און אומעט.

פאַראַן באַ אים דאָ אין אַמעריקע, נאָך קינדער — אַ זון, אַ טאָכטער — עס איז אָבער ניט דאָס, גאָר ניט דאָס, וואָס יענער, דער דערהרגעטער, און דער אומדערבאַרמדיקער זכרון שטעלט אַוועק

פאַר זיינע אויגן דאָס ליבע טייערע געזיכט מיטן דורכגעשאָסענעם שאַרבן און בלוט, רויטע און שוואַרצע...

עס האָט זיך פאַרוואָלט אַ היים, מוראדיק, פיינלעך פאַרוואָלט צוריק אין אַלטן שטעטל, וואָס איז פאַראָרעמט, פאַרוויסט, חרוב פון דער מלחמה, אָבער דאָך היימיש אַזוי לייבלעך - היימיש, אַזוי ליב און איינגעבאַקן אין האַרצן! עס האָט זיך פיינלעך פאַרוואָלט צום טייערן קבר... און עס איז ניט געווען אַפילו מיט וועמען צו ריידן דערפון; ער האָט ניט געהאַט, דער אַלטער פאָטער, פאַר וועמען אויסצוגיסן זיין אָנגעווייטיקטע האַרץ. באַ זיינע אייגענע קינדער, באַ זיינע זין און טאָכטער, האָט ער ניט באַגעגנט קיין ריכטיקן מיטלייד. אים האָט זיך אַפילו געדאַכט, אַז זיי זיינען אומצופרידן, ווען ער נעמט ריידן פ ו ן ד ע ם, און עס האָט אים שטאַרק געקריינקט זייער גלייכגילטיקייט צום טויטן ברודער. אפשר טויזנט מאָל האָט ער אָנגעהויבן דערציילן און האָט אַלץ, ווי עס האָט זיך אים געדאַכט, ניט פאַרענדיקט, מען האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן...

פאַרשטייט זיך, זיי זיינען אויך זיינע קינדער, נאָר עס איז פאָרט ניט דאָס, ניט דאָס! ווי אַזוי קאָנען זיי זיך פרייען און לאַכן הויך אין דער צייט, ווען יענער ליגט אין דער ערד? און קיינער קומט ניט אַף זיין קבר, אַפילו דער אַלטער טאַטע האָט אים אויך פאַרלאָזט... אים האָט אָנגעהויבן צו מאַטערן די „אַסטמא“, עס האָט גענומען קלעמען דאָס האַרץ און פאַרשלאָגן דעם אָטעם. ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענט אַף דעם באַנק און אַרומגעקוקט זיך, ווי זוכנדיק עפּעס, אַף וואָס אָפּצושטעלן דעם בליק פון זיינע אַלטע, טרערנדיקע אויגן, כדי ער זאָל זיך פאַרגעסן און אָפּרייסן זיך פון די שווערע געדאַנקען. לעבן זיך אַף דעם באַנק האָט ער דערזען אַן אַנדערן אַלטן מאַן — ווייזט אויס אַ קריסט. יענער איז געזעסן מיט די אויגן אַראָפּגעלאָזן צו זיינע שיך און איז ווי געשלאָפן.

„אים איז גוט!“ — האָט דער אַלטער קאַץ באַ זיך אַ טראַכט געטאָן. „אָט אים איז גוט אין אַמעריקע... שלאָפט זיך, צו ער איז שיכור — און פייפט אַף דער

דער פּאַסטאָר האָט אַרויסגענומען פון זיין קעשענע אַ בריוו און געוויזן טימאַנען. דעם בריוו האָב איך די טעג באַקומען. איר ווייסט ווער דעם בריוו האָט געשריבן? — דאָס האָט געשריבן זיין מוטער. טימאַן האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט.

די מוטער פון דעם יונגע, וואָס ליגט באַגראָבן אַף אייער פעלד וואוינט אין אַ גרויסע שטאָט אין מערב, אין קעלן. אָנדערט האַלב יאָר האָט זי ניט געוואוסט וואו עס געפינט זיך דער טויטער קערפּער פון איר איינציקן קינד. זי שרייבט אויך אין בריוו, אַז זי איז אַ דאָקטאָרין, זי אַרבעט אין אַ קריגס - שפּיטאָל, איר מאַן איז אויך אַ דאָקטאָר געווען, ער איז געפאַלן אַפן מערב - פראָנט, אַלס העלד פאַרטיידנדיק דאָס ליבע פאָטערלאַנד. איר איינציקער טרייסט איז געווען איר איינציקער זון, וועלכער איז איר אויך פאַרלאָרן געגאַנגען. זי האָט אים שוין איבעראַל אויסגעזוכט, פון רעגימענט האָט מען איר אויך ניט ריכטיק געקאָנט זאָגן, וואו דער געביין פון איר זון איז אַהינגעקומען. נאָר איינמאָל איז געקומען אַ סאָלדאַט פון זעלבן רעגימענט און דערציילט, אַז ער האָט געזען, ווי איר זון איז געפאַלן באַ די מאַזורער זומפּן ניט ווייט פון דעם און דעם דאָרף. דאַן האָט זי זיך געווענדט צום פּאַסטאָר פון דעם דאָרף מיט דער ביטע העלפן איר זוכן דעם קבר אפשר געפינט ער זיך באַ אייך אַף די פעלדער. נו ענדלעך האָבן מיר אים געפונען.

טימאַן איז געשטאַנען שטום און דערשיטערט. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס ער זאָל טאָן. ער איז צוגעגאַנגען צום קאָמאָד אַרויסגענומען אַלע זאַכן, וואָס ער האָט געפונען באַם טויטן. איינגעוויקלט אין טויטנס אייגענע טאַשנטוך, האָט ער עס דערלאַנגט דעם פּאַסטאָר. מער איז גאָרנישט ניט געווען, האָט ער געזאָגט, דעם פּאַסטאָר.

אַכט טעג שפּעטער איז דער פּאַסטאָר ווידער געקומען און מיט אים איז געקומען אַ דאַמע אינגאַנצן אין שוואַרצן, זי איז געווען אינגאַנצן בלאַס און געטראָגן אַ לאַנגן שוואַרצן שלייער. די פּויערים אין דאָרף האָבן איר נייגעריק נאָכגעקוקט.

דער פּאַסטאָר האָט אַרויסגערופן טימאַנען און אים פאָרגעשטעלט דער פרוי אין שוואַרצן. דאָס איז דער אײדעלער מאַן, וואָס האָט זאָרגפעלטיק באַגראָבן אייער געפאַלענעם העלדן.

טימאַן איז געגאַנגען פאָראויס צו זיין פעלד, און דער פּאַסטאָר מיט די אומגליקלעכע מוטער זיינען אים נאָכגעגאַנגען, די קאָרן אַפן פעלד זיינען געווען הויך, און זיי איז געווען קוים צו באַמערקן פון די הייכע קאָרן.

שטיל און דערשיטערט איז די מוטער געשטאַנען פאַר דעם קליינעם אין בלומען באַצירטן קבר פון איר איינציקן קינד. זי האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט בלויז טרערן האָבן אומאויפהערלעך גערונען אַף איר פּנים. דאַן האָט זי געגעבן טימאַנען די האַנט און שטיל געזאָגט „זי האָבן מיר מיינען אָרמען יונגע זאַ טריי בעהיטעט".

טימאַן האָט געשוויגן און געקוקט אַף דעם קבר.

דער פּאָסטאַר האָט געגעבן טימאַנען אַ וואונק און זיי זיינען אַוועק ווייטער. און זיי האָבן געלאָזן די מוטער אליין באַם קבר.

זיי האָבן געמוזט אַ ליינגערע צייט וואַרטן, ביז די פרעמדע איז צו זיי צוגעגאַנגען. זי איז געווען רו־איק, דאָס פּנים געפּאַסט. זי האָט ביידן נאָכאַמאָל געדאַנקט. טימאַן איז געשטאַנען שטיל די אויגן אַרונטערגעלאָזן. און די פרוי האָט אויסגעוויזן, אַז דער מאַן, וואָס האָט באַגראָבן איר קינד און אַזוי גוט אויסגעהיט זיין קבר איז אפשר ניט צופרידן מיטן דאַנק אליין.

נאָכמיטיק איז זי ווידער געקומען, דאָס מאָל אליין. זי האָט געבעטן טימאַנען ווייזן זיין פרוי און קינ־דער.

דאַן איז זי מיט טימאַנען ווידער אַוועק אין פעלד צום קבר פון איר קינד. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט אַפן ביינקל, וואָס איז געווען באַם קבר, און אויך געבעטן טימאַנען ער זאָל זיך אַוועקזעצן. נאָר טי־מאַן איז אַנטקעגן געבליבן שטיין.

„איך מוז מיט אייך אַביסל ריידן", האָט געזאָגט פרוי קאַהנער. „איך וואוין אַזוי ווייט פון דאַנען, און ער איז געווען מיין איינציקער קינד. איך וואָלט אים זייער גערן וועלן אַריבערפירן באַ אונז אין שטאָט אַפן בית ־ עולם.

טימאַן איז געשטאַנען שטיל. ער האָט שוין פריער פאַרשטאַנען, אַז ווען עס וועט זיך מעלדן די מו־טער וועט מען וועלן אַוועקנעמען פון אים דעם טויטן, וואָס איז זבאַ אים געווען אַ הייליקייט.

„ווי, איר ווילט אים פון מיר צונעמען, איר ווילט אים אַרויסרייסן פון מיין אַקער ־ פעלד, אין וועלכן איך האָב אים באַגראָבן.

„דאָס קאָן ניט זיין, גנעדיקע פרוי — האָט ער שטיל געזאָגט.

פרוי קאַהנער האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט. איר קול האָט געציטערט. פאַרוואָס ניט? ווער קען מיר ניט דערלויבן, עס איז מיין קינד, עס האָט קיי־נער אַף אים קיין רעכט. אויסער איך. צו וואָס דאַרפט איר דעם פרעמדן טויטן? איר האָט דאָך אַ שטוב מיט קינדער. איך האָב איצט נאָר אים און איך וויל אים אין מיין געבורטס ־ שטאָט אַריבער־פירן ער זאָל ניט ליגן בלייבן אין פרעמדער ערד.

וועלט. וואָס פעלט אים? מען האָט דען זיין זון דערהרגעט אין דער מלחמה!..."

ווי דערפילנדיק, אַז מען קוקט אַף אים האָט יענער אויפגעהויבן אַ פּאָר ליכטיקע בלויע אויגן און האָט פון זיין זייט גע־נומען קוקן אַף קאַצן. נאָכדעם האָט ער מיט דרך ־ ארץ אַרונטערגענומען די הוט און געזאָגט מיט אַ געמישטן לשון:

האַללע, סער, דוזן דאָברי, פאַן! פּלענטי סאָלנצע טודי...

— האַללאָ! — האָט קאַץ געענטפערט מיט דעם איינציקן ענגלישן וואָרט, וואָס ער האָט געוואוסט, און דערמאָנענדיק זיך לאַנג פאַרגעסענע פוילישע ווערטער, האָט ער ווייטער געזאָגט אַף פויליש שוין: צאָ דיעלאַיעט טוט פאַן פּאָליאַק? פּאָליאַק?

— פּאָליאַק! — האָט יענער אַ זיפץ גע־טאָן און גערעדט ווייטער שוין אַף אַ ריי־נעם פויליש. — טאַק פּאַני, פון סאַמע קראָקאָוו... אַ פרעמדער מענטש דאָ. אַלץ איז פרעמד. פינף יאָר באַלד און איך קאָן נישט צוגעוואוינט ווערן.

קאַץ האָט פאַרשטאַנען און, מישנדיק פוילישע ווערטער מיט אידישע, האָט ער געפרעגט: האָט דער פּאַן דאָ אַן אַר־בעט?

— אַן אַרבעט? איך טו גאָרנישט. אַן אַלטער שוין, לעב איך באַ דער טאָכ־טער. באַגראָבן צוויי זין אַף דער מלחמה. בין איך אָט געקומען שטאַרבן באַ דער טאָכטער. איין טאָכטער בלויז איז גע־בליבן, נאָר וואָס איז אַ טאָכטער? אַ טאָכטער איז ניט קיין זון. און די ווייב איז געשטאָרבן. דאָס איז זי פון האַרצ־ווייטיק געשטאָרבן, וואָס מען האָט די זין דערהרגעט, ביידע אין איין יאָר...

דער פּאָליאַק האָט זיך פרום איבערגע־צלמט און זיינע ליפּן האָבן אַ ציטער געטאָן, ווי אַ טיפער ווייטיק וואָלט אַרי־בער איבער זיי. נאָכדעם האָט ער ווי־טער גערעדט, קוקנדיק אַף קאַצן מיט פריינטלעכע ליכטיקע, אַביסל פאַר־וואונדערטע, קינדישע אויגן.

— אָט בין איך אַרויסגעגאַנגען שפּאַ־צירן. אַ רעוומאַטיזם באַ מיר, עס דרייט מיר די הענט און די פיס... בין איך אָט אַרויסגעגאַנגען, אַוועקגעזעצט זיך, — און צו וואָס אַרויסגעגאַנגען, צו וואָס

אַוועקגעזעצט זיך, ווייס איך ניט. איך וואָלט געדאַרפט אין דער ערד ליגן, און זיי, סטאַס און קאַזימיר, אַרומלויפן איבער דער ערד, — איז אָט אויסגעקומען פאַרקערט (ער האָט פאַרוואונדערט אַ וואונק געטאָן מיט דער ברעם). אָט ווי דאָס איז אויסגעקומען! גוטע אַרבעטער וואָלטן זיי דאָ געווען... האָט עס זיי דערהרגעט... סטאַס האָט אַ קויל געטראָפן אַפן שלאַכט-פעלד און קאַזימיר איז אין מיליטערישן שפּיטאָל געשטאָרבן פון די באַקומענע וואונדן אַפן שלאַכט-פעלד. אָט אַזוי, פּאַן!

קאַץ האָט זיך פּלוצלונג אַ דריי געטאָן צו אים און, קוקנדיק מיט טרערנדיקע אויגן גלייך אין די בלויע אויגן פון דעם פּאָליאַק, האָט ער גענומען ריידן גיך, מער אַף אידיש ווי אַף פּויליש.

— און באַ מיר, פּאַן, איז אויך אַ זון געשטאָרבן. ניט אַליין, מען האָט אים אויך דערהרגעט אין דער מלחמה...

און אײַלנדיק זיך, כאַפּנדיק, ווי ער וואָלט מורא געהאַט מען זאָל אים ניט שטערן, מען זאָל אים ניט לאָזן ענדיקן, האָט ער דערציילט דעם פּאָליאַק אַלץ, וואָס זיינע זין און טעכטער האָבן ניט געוואָלט אויסהערן... אי וועגן דעם, ווי ער האָט דאַן באַקומען די טעלעגראַמע פון קריגס-שפּיטאָל, ער זאָל תיכף קומען צו זיין שווער-פאַרוואונדעטן זון, און ווען ער איז געקומען האָט ער אים שוין געפונען טויט, אי וועגן זיין ליכטיקן פּנים, וואָס האָט געשיינט ווי די זון, אי וועגן דעם צושאָסענעם קאָפּ און בלוט, בלוט, בלוט, רויטע און שוואַרצע... דער פּאָליאַק האָט געהאָרכט, געשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָר צו ער האָט פאַרשטאַנען — ווער ווייס.

נאָכדעם, אַז קאַץ האָט געענדיקט, האָט דער פּאָליאַק פּלוצלונג זיך אָפּגערופן:

— און באַ אונז איז איצט „ראָזשדעסטוואָ“! שניי, וויפיל שניי האָט דאָרטן אָנגעשאָטן! אין די קאָסטיאָלן הודיען די גלאָקן: גייסט דיר אַזוי — און אונטער די פיס סקריפּעט דער שניי און אין די אויערן קלינגט דער גלאָקן-קלאַנג, — און דאָ וואָס? און דאָ וואָס? אַ ווינט, אַ קעלט, — און אָן אַ ביסל שניי. קיין איין שנייעלע ניטאָ. און די קאָסטיאָלן



טימאַן האָט געשוויגן. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אַפן באַנק אַ ווײַלע, און דאַן האָט ער אָנגעהויבן צו ריידן, און וואָס ער האָט אַרויסגערעדט, איז אַרויסגעקומען אַזוי אומבאַהאָלפן מיט אַסך הפסקות אונטערבראָכן:

„ווען איך האָב אים דעמאָלט געפונען אין שניי האָב איך געטראַכט. נאָך גאָר אַ קינד, ווער ווייס, וואו די מאַמע געפינט זיך איצט. זיין פּנים איז געווען שטיל און צופרידן, עס האָט אויסגעזען, ווי ער שלאָפט, און איך האָב דאַן געטראַכט, ווער עס פאַלט פון שונא אַפן שלאַכט-פעלד, דער טראַכט דאַן ווייניק פון זיין געבורטס-שטאָט. ער בלייבט ליגן דאָרטן, וואו דער טויט האָט אים פאַרנומען. און דאָרטן דאַרף ער אויך באַגראָבן ווערן. עס איז ניט ווי איר מיינט, גנעדיקע פרוי, אַז איך וויל אים ניט אַרויסגעבן צוליב דעם, וואָס שוין צוויי יאָר איז צוליב דעם קבר אַ גוטע גערעטעניש, ניין. און עס וואָלט מיר און די קינדער געווען שווער זיך צו שיידן פון דעם טויטן העלדן. איך מיין נאָר: ער שלאָפט דאָ רואיק, דאָ איז שטיל, קיינער שטערט אים נישט, אין שטאָט וועט ער עס אַזוי נישט האָבן. ער ליגט שוין דאָ באַלד צוויי יאָר, און דאָ ניט ווייט פון דאַנעט ליגן אויך זיינע געפאַלענע חברים. איך טראַכט אַלעמאָל אַז מען וועט אים טאָן אַן אומרעכט, אַז מען וועט אים אַרויסנעמען פון דאַנען. און איך מיין, גנעדיקע פרוי, איר דאַרפט עס אויך ניט טאָן. איך מיין, ער געהערט דאָ. אַלע, וואָס זיינען דאָ געפאַלן, אַלע די, וואָס ליגן דאָ אין דער ערד. האָט דאָס לאַנד דאָס רעכט. איר, גנעדיקע פרוי, פאַרשטייט עס אפשר נישט, אַזוי ווי איך, ווען דאָ וואָלט געווען דער פּאַסטאָר, ער וואָלט אייך אפשר דאָס אַנדערש דערקלערט.

ער האָט פאַרענדיקט און געבליבן זיצן שטיל. פרוי קאַהנער האָט געזען, אַז דאָס וואָס ער האָט גערעדט, איז געקומען פון זיין טיפן האַרצן. זי איז אויך געזעסן שטיל און גאָרנישט ניט געזאָגט. זי האָט נאָר לאַנג געקוקט אַפן קבר פון איר קינד, וואָס איז געווען באַ אירע פיס.. דאַן איז זי אויפגעשטאַנען פון באַנק און מיט שטאָלץ געזאָגט:

„הער טימאַן! איך בין אַ דייטשע פרוי, איצט פאַרשטיי איך אייך. אייערע ווערטער זיינען אמת, די ערד, אַף וועלכע מיר לעבן, די ערד, אַף וועלכע מיר קעמפן איז ניט קיין פרעמדע ערד, די לאַנד, פאַר וועלכע מיין מאַן און זון זיינען געפאַלן איז ניט קיין פרעמדע לאַנד. דער באָדן, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט אונזער בלוט, איז הייליקער באָדן, די ערד, אין וועלכע מיר ליגן איז היימאַט-ערד.

ניין, איך וויל אים מער ניט אַרויסנעמען. פריער האָב איך געמיינט, אַז ער געהערט מיר, נאָר איך האָב געהאַט אַ טעות, די לאַנד, פאַר וועלכע ער איז

געפאַלן, די ערד אין וועלכע ער רוט, האָט אַ שטאַרקערע רעכט. דער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז מיין מאַן זאָל ליגן אַפן מערב־פראָנט און מיין קינד אַפן מזרח־פראָנט. נו, זאָל ער שלאָפן זיין לעצטן שלאָף רואיק מיין קליינער העלד, אַף אייער אַקער־פעלד, הער טימאַן.

איצט וועל איך גיין, האָט זי געזאָגט מיט אַ רואיקן קול, איך וועל נאָך מאָרגן ווידער קומען, איך בלייב נאָך דאָ אייניקע טעג, דאַן האָט זי געגעבן טימאַנען די האַנט און האַרציק געזאָגט, איך דאַנק אייך זייער, הער טימאַן.“

טימאַן איז איר נאָכגעגאַנגען און געזאָגט: לאָזט אים נאָך באַ אונז, מיר זאָרגן שוין פאַר אים, מיר וועלן אופפאַסן דעם קבר. איר מעגט קומען ווען איר ווילט, נאָר נעמט אים ניט אַרויס. ער געהערט דעם לאַנד, און ער שלאָפט דאָ אַזוי רואיק. עס וועט אים זיין איינזאַם דאָרט באַ אייך אין מערב, גאַנץ אַליין, ווייט פון שלאַכט־פעלד און ווייט פון זיינע געפאַלענע חברים.

אַף מאָרגן איז פרוי קאַהנער ווידער געקומען. זי האָט געזאָגט טימאַנען, אַז איר באַשלוס האָט זי ניט געענדערט, זי לאָזט אים דאָ, נאָר זי וויל שטעלן אַ קליינעם שטיין צום אָנדיינקען. דאַן האָט זי זיך געזעגנט מיט דער משפחה טימאַן און אַוועקגעפאָרן צוריק אַ היים.

אין אייניקע וואָכן אַרום איז אָנגעקומען פון פרוי קאָהנער אַ גרויסער קאַסטן מיט אַ אויסגעהאַקטן מאַרמאָר־שטיין, אַף וועלכע עס איז געווען מיט דייטשע אותיות אויסגעקריצט: „היער רוט דער פריי־וויליקער אינפאַנטעריסט דוד קאַהנער אכצן יאָר אַלט, געפאַלן אַלס העלד אין קאַמף פאַרן פאָטער־לאַנד!

טימאַן האָט דעם שטיין איינגעמויערט אין קבר, און די קינדער האָבן אים באַפּוצט מיט פרישע בלומען. דעם קומענדיקן זומער איז געקומען פרוי קאַהנער צו באַזוך צו דער פאַמיליע טימאַן, זי האָט געבראַכט אַ סך מתנות פאַר פרוי טימאַן און די קינדער. די אייניקע טעג, וואָס זי איז געווען אין דאָרף האָט זי פאַרבראַכט נאָר באַם קבר פון איר קינד.

*

אזוי זיינען אַוועק זיבצן יאָר און דער קבר איז אַלץ געווען אַ הייליקטום פאַר דער משפחה טימאַן, נאָר ווען אין דייטש־לאַנד איז געוואָרן דער איבערקערעניש און די מאַכט איז אַריבער צו די נאַצי־סאָצ., און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אידישע צרות און רדיפות איז אויך געקומען אַן ענדערונג אין דער באַציאונג פון דער משפחה טימאַן צום אידישן קבר, וואָס איז געווען אַף זייער פעלד.



וואו זיינען? וואו זיינען זייערע קאָסטיאָלן? אַ? וואו זיינען די קאָסטיאָלן? — האָט ער שטרייננג געפרעגט באַ קאַצן.
— גאָט האָבן זיי פאַרגעסן —אָט, וואָס!
קאַצן האָט זיך געוואָלט דערציילן דעם פּאָליאַק, אַז אויך ער, ווען עס קומט אַ יום־טוב, בייגקט ער אַ היים מער ווי אַלעמאָל, נאָך דעם אַלטן בית־המדרש מיט די סטעאַרינענע ליכט, געלע טליתים און פּשוטע בייגק און סטענדערס. אַז ער קאָן ניט דאַוונען אין די דאָזיקע רייכע פּאַלאַצן מיט אַן אָרגל און מיט אַ נעגאָלטן חזן, וואו היין די קינדער פירן אים... נאָר געזאָגט האָט ער גאָרנישט. פאָרט אַ קריסט; וואָס פאַרשטייט אַ קריסט אין אַזעלכע זאַכן!
און צוהערנדיק זיך ווי דער אומעט קריכט שטילערהייט אַלץ העכער און העכער צום האַרץ — איז ער אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן.
און דער פּאָליאַק האָט נאָך גערעדט אַ לאַנגע צייט, דערציילט פון סטאַמען און פון קאַזימירן, וואָס פאַראַ גראָטענע זין זיי זיינען געווען, סאַראַ שיינע יונגען, פון זיין אומעט דערציילט, פון זיין נאָגנדיקער בייגקשאַפט, ווי עס ווילט זיך אים אַ היים, אין דער אַלטער היים, כאָטש דאָ האָט ער אַ טאָכטער, אָבער דאָרט זיינען געבליבן די זין — אַפילו טויט, נאָר פאָרט זין...
ביז ער איז אויך אַנטשוויגן געוואָרן.
און אַזוי זיינען זיי געזעסן, ביידע אַלטע, איינזאַמע, פרעמדע, פרעמדע און דאָך אַזעלכע נאָענטע, ביידע מיט גלייך אָנגעווייטיקטע נשמות, ביידע מיט דעם זעלבן אומעט אין האַרצן. קאַץ האָט שווער געאָטעמט פון „אַסטמאַ“ און אַלע מינוט אויסגעווישט די טרערנדיקע אויגן.
און דער פּאָליאַק — אויסגעשטרעקט די פיס און אָנגעשטעלט אַף זיי אויגן — ווי ער שלאָפט, צו ער איז שיכור...
אַרום האָט גערוישט דאָס לעבן, עס זיינען געלאָפן אויטאָמאָבילן, עס זיינען געגאַנגען מענטשן... דער בראָנזענער סאָלדאַט מיט דעם ביקס איז גלייכגילטיק געשטאַנען אַף זיין הויכן פיעדעסטאַל און האָט אויך ווי פון עפּעס געטראַכט... קאַץ און דער פּאָליאַק האָבן אים ניט געזען: יעדער איינער איז געווען פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען...

ביידע טימאַנס זין, וואָס זיינען געווען אין שטאַט, און זיינען געוואָרן נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן, האָבן געפאָדערט פון פאָטער, ער זאָל אומבאַדינגט באַזייטיקן דעם אידן־קבר פון זייער פעלד, ווייל עס איז איצט אַ בזיון פאַר אַ דייטשן צו האַלטן אַף זיין אַקער־פעלד אַ אידן־קבר.

דעם אַלטן טימאַן פלעגט עס קאָסטן אַסך געזונט. ער פלעגט זיי מוסרן און זאָגן, אַז דאָס איז גאָר אַ כבוד, צו האַלטן בא זיך אַפן אַקער־פעלד, אַ פריי־וויליקן, וואָס איז געפאַלן פאַרן פאָטערלאַנד. אַזוי פלעגט ער פירן אַ קאַמף מיט די קינדער און דער קבר פלעגט ווייטער בלייבן שטיין.

*

אין זומער 1934 איז פלוצלונג געקומען די מוטער פון דוד קאַהנער. זי איז דאָס מאָל אויך געווען אין טיפן טרויער, זי האָט מיט טרערן אין די אויגן דערציילט טימאַנען, אַז ווי עס זיינען נאָר געקומען די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן צו דער מאַכט, האָט מען איר גלייך אָפגעזאָגט פון דער שטעלע פון אַ דאָקטאָר פון שטעטישן שפּיטאָל, עס האָט ניט געהאָלפן, וואָס זי האָט צוגעשטעלט פאַפירן, אַז איר מאַן און איינציקער זון זיינען געפאַלן אין קריג און, אַז זי בלייבט אָן קיין שום מיטלען צום לעבן, מען האָט איר פשוט אַרויסגעוואָרפן פון שפּיטאָל. פאַר דער צייט האָט זי אַלץ פאַרקויפט, וואָס זי האָט נאָר פאַרמאָגט און אַלץ פאַרלעבט און איצט מוז זי פאַרלאָזן דאָס לאַנד, וואו זי איז געבאָרן, וואו זי לאָזט איבער איר מאַן און איינציקן קינד, אַלס קעמפער געפאַלענע אין שלאַכט פאַרן ליבן פאָטערלאַנד, זי איז עס איצט געקומען זיך געזעגענען מיטן קבר פון איר זון דוד.

דאָרט אַפן פעלד באַם קבר, פון איר קינד האָט זי זיך אויסגערעדט איר ביטערע האַרץ. זי האָט לאַנג געקוקט אַפן קבר און טרערן האָבן זיך געגאָסן אַף איר שוין אַלט צוקנייטשטן פנים. זי האָט געוויזן טימאַנען אַפן שטיין פון קבר דעם טעקסט:

„געפאַלן אַלס העלד אין קאַמף פאַרן פאָטערלאַנד“.

— יאָ, הער טימאַן, קיינער אָנערקענט עס איצט ניט, אומזיסט איז געווען דאָס בלוט פון מיין מאַן און קינד. און איצט מוז איך אַף די עלטערע יאָרן פאַרלאָזן מיין היימאַט און גיין זוכן צו פאַרדינען אַף אַ שטיקל ברויט.

טימאַן איז געשטאַנען אַ פאַרקלעמטער, ער האָט ניט געוואוסט ווי צו טרייסטן די אומגליקלעכע מוטער, ער האָט איר נאָר צוגעזאָגט ווייטער אויפצופאַסן דעם קבר פון איר קינד.



# די מוטער

## אַ בילד פון רחל אַקרענט

דעם פרימאָרגן פון 11־טן נאָוועמבער איז די מוטער, אויסגעפּוצט אין אירע זונטיקדיקע קליידער, מיט אַ רויטן בלימל אַף דער ברוסט און מיט אַ באַשיידן קרענצל כריזאַנטעמען אין האַנט, געגאַנגען, ווי אַלע יאָר צום דיינקמאָל פון אומבאַקאַנטן סאָלדאַט. זי האָט אַף דעם טאָג אויסגעקוקט, כמעט געגאַרט נאָך אים די לעצטע עטלעכע טעג, כדי ווידער אויסצודריקן איר מוטערלעכן צער און מוטערלעכן שטאָלץ מיטן טויט פון איר העלדישן זון. שטראָמען מענטשן האָבן געפלייצט פון אַלע גאַסן, אַהין צום ווייהט־האָל, אַזוי, אַז די מוטער איז כמעט אָן איר ווילן געטראָגן געוואָרן. עס האָט איר שטאַרק הנאה געטאָן, וואָס אַזוי פיל מענטשן גייען אָפּגעבן כבוד דעם „אומבאַקאַנטן סאָלדאַט“, וועלכער, ווער ווייס, איז אפשר איר אייגענער זון. וואָס איז, ער האָט עס ניט פאַרדינט? איז ער אפשר ניט צוויי מאָל שווער פאַרוואונדעט געוואָרן, און ענדלעך געשטאָרבן פון זיינע וואונדן?

ניט אומזיסט האָט ער געקראָגן אַזוי פיל מעדאַלן, אָט די מעדאַלן, וועלכע זי

נאָר לאַנג איז ניט באַשערט געווען טימאַנען אופֿ־
צופּאַסן דעם קבר. אין איין שיינעם פֿרימאָרגן זיי־
נען געקומען זיינע ביידע זין מיט נאָך דריי חברים
פֿון שטאָט, אויסגעפּוצטע אין זייערע מונדירן און
מען האָט געהוליעט א גאַנצן טאָג. דאַן איז מען
אַוועק אין פֿעלד שפּאַצירן. דער אַלטער טימאַן
האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס וועט זיין א סוף צום
קבר. באַלד האָט זיך דערהערט אַן אופֿרייס. ער איז
אַרויסגעלאָפֿן אַפֿן הויף און דערזען, אַז אַפֿן פֿעלד
איז אופֿגעריסן דער קבר, די מצבה איז זיך צופֿלויגן
אַף שטיקער. דאַן האָבן זיי מיט די פֿיס צוטראָטן
און אויסגעגליכן די ערד, עס זאָל קיין שום זכר ניט
בלייבן פֿון קבר.

דער אַלטער טימאַן איז געשטאַנען און געפֿילט, ווי
א שטיק לעבן האָט מען פֿון אים אַרויסגעריסן. ער
האָט אָבער גאָרנישט ניט געקאָנט ריידן, ווייל עס
איז א צייט, וואָס מען טאָר ניט ריידן און מען מוז
שווייגן. ער האָט נאָר געהערט, ווי זיינע זין האָבן
געזאָגט, „ענדלעך לויז געוואָרן פֿון דעם יודן־
שמוץ". — דער יודנשמוץ האָט אים לאַנג, לאַנג,
געקלונגען אין די אויערן...



טראָגט איצט אַף איר האַרצן, צוזאַמען
מיטן בלום = רויטן מאָן = בלימל.
אָנקומענדיק קיין ווהייט = האָל, האָט זי
שוין דאָרטן געפֿונען אַ ריזיקע מאַסע
מענטשן, אַלע באַבלומטע, ווי מיט בלומ־
טראָפּנס באַפֿלעקט, וואָס האָבן אַרומגע־
רינגלט דעם גרויסן פּלאַץ. די מוטער האָט
מיט ווערדע זיך גענומען שטופּן נענטער
צום ברעג פֿון מענטשן = ים, כדי זי זאָל
בעסער קענען זען, וואָס עס קומט פֿאָר
אַפֿן פּלאַץ. איז זי דען ניט באַרעכטיקט,
אַלס מוטער פֿון אַ געפֿאַלענעם העלד,
צו זען דעם כבוד, וואָס די גרעסטע אין
לאַנד, גיבן אָפּ דעם „אומבאַקאַנטן",
וועלכער איז אפֿשר איר זון?

דערשלאָגנדיק זיך מיט גרויס מי כמעט
צום ראַנד פֿון דער געדיכטער מאַסע,
וועלכע צאָלרייכע רייטער = פּאָליציי
האָבן צוריקגעהאַלטן, פֿון פֿאַרפּלייצן דעם
פּלאַץ, האָט די מוטער ווידער דערזען
דאָס שיינע בילד, וואָס האָט איר פֿאַר־
שאַפֿט פֿאַרגניגן יעדן יאָר זייט די מלח־
מה האָט זיך געענדיקט. סאָלדאַטן אין
שיינע רייך = קאָלירטע אוניפֿאָרמען זיי־
נען געווען אויסגעשטעלט ווי פֿיר=עקן אַף
אַ שאַכמאַט = ברעטל, יעדע גרופּע מיט
איר מוזיק = „בענד", און דער סער־
זשאַנט האָט זיי קונציק מושטירט, אַזוי
ווי זיי וואָלטן ניט באַשטאַנען פֿון איינ־
צעלנע פּערזאָנען, נאָר געווען איין איינ־
ציקער קערפּער. די אָרקעסטערס האָבן
געשפּילט פֿריילעכע מאַרש = לידער, און
פֿון ווייטנס האָבן אַ ריי בכבודיקע אויס־
געפּוצטע מענער געוואַרט מיט בלומען־
קרענץ אין די הענט.

דער מוטער האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז
איר זון מוז איצט שטיין ערגעץ דאָ, אַ
גליקלעכער, אַ צופֿרידענער, אָנגענומענ־
דיק מיט שטאָלץ אָט דעם כבוד, פּונקט
ווי יענעם מאָל, ווען ער איז צום ערשטן
מאָל פֿאַרוואונדעט געוואָרן און מענטשן
זיינען געקומען אים באַגריסן לכבוד דעם
„וויקטאָריע = קרייץ", וועלכן ער האָט
געוואונען. זי האָט מיט אַ געשפּאַנטער
פֿאַרביטערטקייט געוואַרט אַף די צוויי
פֿאַרשטילטע מינוטן, ווען זי וועט ווידער
פֿאַרלירן איר זון אַף אַ גאַנץ יאָר, ווען
די אָנגעקוועלטע טרער וועט זיך דורכ־
רייסן, אַראָפּקייקלען זיך פֿון אירע באַקן.

זי האָט דערפאַר בייזלעך און מיט פאַר־
דרוס אַ קוק געטאָן אַף די צוויי פאַרשווי־
גען נעבן איר, וועלכע האָבן זיך וועגן
עפּעס הויך צואַמפּערט; זיי וואָלטן גע־
מעגט האָבן מער שכל, ווי קומען אַהער
זיך אַמפּערן. אָבער דערהערנדיק, אַז זיי
ריידן טאַקע פון אַ געפאַלענעם האָט זי
זיך פאַראינטערעסירט.

— „זיי האָבן געוואוסט — האָט איינער
פון זיי, אַ דיקלעכער, גוט געקליידע־
טער מאַן גערעדט — זיי האָבן געוואוסט,
אַז דאָס פאָלק וועט ערן זייער קבר, און
דאָס האָט זיי געגעבן מוט צו באַגעגע־
נען דרייסט דעם גלאָררייכן טויט!“

— „אוודאי, — האָט די מוטער שטום
צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — גאַנץ גערעכט,
כ'לעבן“...

דעם צווייטנס פּנים האָט זיך מאָדנע
פאַרקרימט. דאָס איז געווען אַ יונגער־
מאַן מיט קלאָרע אופריכטיקע אויגן און
פעסטע ליפּן, אָרעם געקליידעט, מסתמא
אַן אַרבעטער.

— „רעדט נישט קיין נאַרישקייטן —
האָט ער פאַרדראָסיק געענטפערט —
זיי האָבן גאָרנישט געוואוסט. זיי זיינען
געווען פאַרגלויבטע און פאַרפירטע קינ־
דער. און ווען זיי זיינען געשטאָרבן,
האָבן זיי וועגן גאָרנישט געטראַכט אַחוץ
דעם אַנגסט פון זייערע יונגע גלידער. עס
האָט זיי נאָר וויי געטאָן! וויי געטאָן!“
די מוטער האָט אַ ציטער געטאָן.

— „טאַקע אמת“ — האָט זי געטראַכט
— עס האָט זיי געמוזט שטאַרק וויי טאָן
ווען זיי זיינען געפאַלן. זיי האָבן גע־
מוזט יאָמערן, שרייען מיט מורא. ווי
קען מען טראַכטן וועגן עפּעס, ווען עס
טוט אַזוי וויי?“

אַ שטאַרקער ווייטיק האָט איר אַ ברי גע־
טאָן אין האַרצן. זי האָט זיך דערמאָנט
ווי איר זון אַלס קינד האָט זיך אַמאָל
שטאַרק צושניטן די האַנט. ווי ער האָט
עס געשריען, קוקנדיק פאַרציטערט אַפן
שטראָם פון פרישן בלוט, וואָס האָט גע־
פלייצט פון זיין האַנט. דערנאָך איז ער
געשטאָרבן, ווייס זי, פון אַ שווערער
בויך־וואונד. ער איז צוויי טעג געלעגן
אַפן שלאַכט־פעלד, איידער מען האָט
אים אופגעהויבן. וואָס האָט ער גע־
טראַכט אין די דאָזיקע צוויי טעג? זיין
מוח האָט געפיבערט מיט אומדערטרעג־



# א בינטל בריוו



ליגנדיק פאַרוואונדעט אין לובענער קריגס־שפּיטאָל האָב איך בייגעלעבט די לויה פון אַ פרוי, וואָס איז געשטאָרבן אונטערוועגס, בעת זי איז געפאָרן באַזוכן איר שווער פאַרוואונדעטן מאַן. נאָך איר טויט האָט מען געפונען צווישן אירע זאַכן אַ בינטל בריוו, וואו זי האָט זיך איבערשריבן מיט איר מאַן אַפן פראָנט, מיט אַ באַמערקונג: „ער האָט זייער געוואָלט, אַז די בריוו זאָלן אויך אַנדערע לייענען“. מיין באַקאַנטער דאָקטאָר פון שפּיטאָל, ווייסנדיק, אַז איך האָב פאַר דער מלחמה געהאַט אַ שייכות צו פרעסע, האָט מיר איבערגעגעבן דעם בינטל בריוו. איך זאָל עס אַמאָל פאַרעפנטלעכן אין דער פרעסע. איך פאַרעפנטלעך דאָ אייניקע בריוו, וועלכע זיינען נאָך בא מיר פון דאַמאָלסט פאַרבליבן.

## ערשטער בריוו

ליבער! פאַרוואָס שרייבסטו ניט? אָדער איך באַקום ניט דיינע בריוו? טייערער, עס איז מיר שווער, אַזוי שווער, אַז צייטנווייז הויבט זיך מיר אָן צו דוכטן, אַז איך וועל דאָס ניט אריבערטראָגן. געדיינקסטו אין די ערשטע טעג, ווען מיר האָבן געהאָוועט, ווען עס האָט אָפּגענומען אַ סך צייט די זאָרג צוצוגרייטן אַלע קלייניקייטן צו דיין אַוועקפאָרן, מיט איין וואָרט, אַז מיר האָבן געטאָן וואָכעדיקעס, געוויינטלעכעס, פאַרגעסן האָבן מיר אָבער דאָס וויכטיקע, דאָס עיקרדיקע. און דאַן דער געדאַנק דיר ניט אופצורעגן, בעת עס האָט זיך געוואָלט גלויבן אין דיין רואיקייט... דאַן האָב איך נאָך גאָרנישט פאַרשטאַנען... ניט פאַרשטאַנען האָב איך אויך דאַמאָלט, ווען איך האָב געוויינט דיך קושנדיק. דאָס איז נאָך ניט געווען קיין צער, נאָר אַ פאַרשפּיל צו די ליידן. און אַפילו דאָרט אַפן וואָקזאַל, ווען איך האָב דיר צום לעצטן מאָל אַרומגענומען, האָב איך נאָך גאָרנישט געוואוסט. ניין, דאַן איז עס נאָר געווען אַן אויגנבליק... דו ביסט אַריין אין וואַגאָן, מיר זיינען פאַרבליבן אַפן פּלאַטפאָרם. עמיצער האָט צו דיר עפּעס גערעדט, אָבער דו האָסט ניט געהערט, דו האָסט ניט געקוקט אַף מיר. דיינע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיט די אויגן פון דיין

ברודער, און אין זיי איז געווען אַזאַ שוידער! ערשט דאַן האָב איך אָנגעהויבן צו באַגרייפן... דיינע אויגן. שפּעטער האָט זיך עס אָנגעהויבן, — איך האָב אָנגעהויבן אויפצוכאַפּן די אימה פון דער מלחמה טייערער, געדיינקסט איך האָב דיר שטענדיק געזאָגט אַז איך קאָן שליסן שלום מיט דעם, וואָס איך פאַרשטיי, אָבער די מלחמה פאַרשטיי איך ניט. יאָ, יאָ, איך פאַרשטיי זי ניט... אַ קראַנקייט פון אַ נאָענטן איז שרעקלעך, אָבער מען קען עס פאַרשטיין, מען קען זיך צו דעם צוגעוואוינען, מען קען זיך אַפילו צוגעוואוינען צום געדאַנק וועגן זיין טויט. מען קען דעם עצם טויט פאַרשטיין; ער קען באַטויבן, ער קען דערהרגענען, אָבער מען קען עס פאַרשטיין! אָבער דאָס בייזע פון דער מלחמה קען איך ניט פאַרשטיין. דו געדיינקסט, איך האָב מורא געהאַט פאַר בלוט, איך האָב גאַרניש ניט געקאָנט פאַרטראָגן אַ פאַרקריפּלונג, וואָס מאַכט מנובלדיק; איצט גיי איך אַרום אין די לאַזאַרעטן, זאַפּ אין זיך אַריין דעם שוידער פון די ליידן, איך לאַשטשע זיי, די מיר צום האַרצן נאָענטע פאַרוואונדעטע און אין איטלעכן פון זיי זע איך דיר. דיר אָן אַ האַנט, דיר אָן אויגן... דיר... דיר... און אַלץ דיר! אָבער באַנאַכט, אַז איך בלייב אַליין, כאַפּט מיר אָן אַזאַ בייִנקעניש. און אָט זע איך דיר, אַ לעבעדיקן, אַ ליבנדיקן, אַן איינזאַמען: דיר האָט מען ניט פאַרנומען, ניט אַוועקגעטראָגן אין דער קופּע דערהרגעטע. ביסט נאָך לעבעדיק, פילנדיק, איינזאַם. דו ווילסט רופן נאָך הילף און קענסט ניט! דו גייסט אויס אין בלוט, דו בעטסט וואַסער, נאָר וואַסער, און עס איז קיינער ניטאָ, קיינער הערט ניט. ליבער, טייערער! אָבער איך בין דאָך מיט דיר, אינגאַנצן מיט דיר...

דאָ ענדיקט זיך דער בריוו. עס איז שווער צו פאַרשטיין די לעצטע ווערטער, עס איז אויך שווער פעסטצושטעלן צו דער בריוו איז אָפּגעשיקט געוואָרן, בפרט נאָך, וואָס צום סוף שרייבט זי: „איך ווייס ניט, צו איך דאַרף דיר שרייבן אַלץ, וואָס איך האָב דיר אָנגעשריבן נאָר דו ווייסט דאָך, איך קען ניט טראַכטן און פילן אָן דיר.

## צווייטער בריוו

טייערע!
אַמאָל טיף אין דער קינדהייט... צו דען זיינען געווען קינדער־יאָרן, פרייד, גליק אָנע בלוט, אָנע ליידן. יאָ, יאָ דאָס איז אַלץ געווען! צו וועט עס אָבער זיין?...

יאָ, דאָס איז געווען אין די קינדער־יאָרן: מיט דער מוטער און דער שוועסטער טאַניע האָבן מיר געלעבט באַ דער באָבן. אַגב טאַניע; איך האָב געהערט זי זאָל זיין אַוועק פאַר אַ באַרימהאַרציקער

לעבע אַנגעטאָן. זיין יונגער קערפּער האָט מיטן לעצטן ביסל כחות געשטורעמט, געקעמפּט קעגן דער אָנקומענדיקער פינסטערניש. ווי אַזוי האָט זי עס ביז איצט ניט איינגעזען? אַ טונקלקייט האָט זיך אויסגעשפּרייט פאַר דער מוטערס אויגן. ווי דורך אַ נעפּל האָט זי געהערט די מוזיק, דאָס מאַרשירן פון זעלנער. דאַן האָט זי זיי קלאָר דערזען. זיי האָבן מאַרשירט אין אַן ענדלאָזער ריי: צעשמעטערטע, פאַרבלוטיקטע גופים, מיט אָפּגעריסענע גלידער, אויסגעהוילטע אויגן־לעכער, אַלע האָבן זיי געהאַט איר זונס פּנים.

— „עס האָט אונז ווי געטאָן" — האָבן אַלע געמורמלט — „עס האָט אונז אַזוי ווי געטאָן. מיר האָבן שוין ניט געקאָנט שרייען פאַר ווייטיק".

— „כ'ווייס, כ'ווייס" — האָט די מוטער שטום געענטפערט. זי האָט אינגאַנצן געציטערט, פון צער און רחמנות. איר האַרץ איז געוואַקסן ווי אָנגעפילט מיט אַ גרויסער כוואַליענדיקער טרער.

און פּלוצלונג... שטילקייט... זיי זיינען אַלע אַנטשוויגן. הויפנס פון קרענץ שיטן זיך אַף די צובראָכענע גופים, זיי צו פאַרדעקן אָבער דאָס בלוט רינט איבער די בלומען, פאַרבט זיי רויט, אין רויטע מאָן־בלומען...

די מוטער האָט זיך שווער אַ וואַקל געטאָן. גרויסע פייערדיקע רעדער האָבן זיך באַוויזן פאַר אירע אויגן. די כוואַליע פון איר האַרץ האָט זיך ענדלעך דורכגעריסן, האָט פאַרפלייצט איר מוח מיט אַ ברענענדיקן רויטן שטראָם. מיט אַ לייכטן געשריי האָט זי אַ הויב געטאָן די הענט, ווי וועלנדיק באַשיצן זיך פון אָפּגרונט, וואָס האָט זיך פּלוצלונג געעפנט אונטער אירע פיס...

## פון בראָפּקאָווסקיס מלחמה-הומאָר

אַן אויסלענדער האָט אַמאָל אַרימגעקוקט די מערקווירדיקייטן פון מאָסקווער קרעמל און האָט אַרויסגעטראָגן אָט וואָס פאַר אַ מיינונג:

„צאַר קאָלאָקאָל — נע זוואָניט"
„צאַר פּושקאַ — נע סטרעליאַיעט".

אַלץ, אַפּנים, וואָס עס טראָגט אַף זיך אין רוסלאַנד דעם נאָמען „צאַר" טויג אַף כפּרות.

שוועסטער. איז דאָס מעגלעך — זי, אַזאַ צאַרטע, שטילע און — בלוט און ליידן? אומפאַרשטענדלעך... דאָס גאַנצע לעבן איז געוואָרן אומפאַרשטענדלעך. יאַ, יאַ אָבער נישט דאָס בין איך אויסן. איך איל זיך, איך וויל, דו זאָלסט אַלץ קריגן צו וויסן, דערציילן דיר אַלץ... איז אַט, האָבן מיר געלעבט ביי דער באָבן; אַ שטיבל אַ קליינע, אַ גאָרטן און בינען. איך האָב איינמאָל געזען, ווי דער זיידע האָט צוגעפּנומען דעם האָניק, די בינען זיינען זיך פאַנאַנדערגעפלויגן זשומענדיק. זיי האָבן מיר באַנק געטאָן. דערנאָך זע איך, ווידער איילן זיי זיך צום פאַרניכטעטן נעסט. זיי טראָגן שטרויעלעך, טראָגן אַרויס די טויטע און וואַרפן עפּעס אַרויס... דערביי איז געשטאַנען נאָך אַ נעסט, אַ ריינינקער און איך האָב בשום אופן נישט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס די בינען האָבן זיך געוואָרפן צום פאַרניכטעטן נעסט, אָנשטאָט צו פאַרנעמען דעם נייען. — איך האָב געפרעגט דעם זיידן. — „דער אַלטער נעסט איז דאָך דער בין טייערער פאַר אַלץ, דאָס איז זיין היים, פאַרשטייסטו עס?" איך האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען. פריער איז דאָרטן געווען אַ היים, איצט — וועט זי דאָ זיין, האָב איך זיך געטראַכט. ערשט איצט האָב איך עס פאַרשטאַנען, אָבער ניט מיטן שכל, נאָר מיט דער נשמה, פונקט אַזוי, ווי דאָס האָט פאַרשטאַנען דער זיידע, די בינען. און פאַרשטאַנען האָב איך עס דאַן, ווען איך האָב נעכטן באַגעגנט גאַנצע מחנות פאַרוואָרלאָזטע, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט צו זייערע היימען. אַז דו וואָלסט געזען ס'אַראַ אָרימקייט, וואָס פאַר אַ דלות! אָט די מענטשן זיינען געלאָפן פון זייערע היימען זומער, ווען דער געדאַנק מיטצונעמען אַן איבעריקן בגד, וואָס זאָל פאַרהיטן פון קעלט, האָט זיי נישט געקענט קומען אין קאָפּ.

און וואָס האָבן זיי געקענט מיטנעמען, ווען די גאַנצע פראַגע איז באַשטאַנען אין דעם, ווי צו ראַטעווען זיך, די מאַמען, דאָס קינד! און איצט, נאָך 2 חדשים פלאָגענישן, קערן זיי זיך אום אַהיים. די היים — אָרימקייט, חורבה. אָבער זיי לויפן אַ היים און אַף זייערע פּנימער—פרייד פון נצחון.

אָט איז ער—דער שוידער פון מלחמה! אָט זיינען זיי — די בלוטלאָזע קרבנות, — האָב איך זיך געטראַכט, אַריינקוקנדיק אין די פּנימער פון די מענטשן. זיי זיינען מיר געוואָרן נאָענט און ליב.

## דריטער בריוו

הײנט באַקומען פון דיר עטלעכע בריוו מיטאַמאָל. אין דער אַטמאָספער פון אָפּגעפרעמדקייט, אין וועלכער מיר לעבן איצט, ווערט איטלעכער וואָרט, פון דאָרטן, פון דער פריי, ווי



# דער לעבעדיקער חנוכה-לעמפל

### א מלחמה-עפּיזאָד פון אביגדור המאירי

איך וועל פרואוון דאָסמאָל אַראָפּרייסן מיין ליטעראַרישקייט און איבערגעבן די פאַקטן אַזוי ווי זיי זיינען געשען.

---

אין שלאַכט-פעלד-גרוב איז דאָס געשען. אין צווייטן מלחמה-יאָר אין ווינטער.

אין דער צייט האָט שוין די חיה אין דער מענטשלעכער צורה אָנגעהויבן צו דערפילן איר ראָל: מאָרדן און שפּילן זיך מיט מענטשלעכע יסורים נישט דורך צוואַנג, נישט צוליב דער מצוה פון מלחמה, נאָר לשמה: צוליב דער רציחה אַליין צוליב דעם „שכרות פון דעם מעסער".

„צוליב דעם פאַרגעניגן מיט דעם צווייטנס יסורים".

און נישט מתוך פילאָזאָפיע באַמערק איך דאָס, נישט צוליב ליטעראַטור, נאָר צוליב אויפקלערונג, כדי אויפצוקלערן עפּעס: צוליב וואָס דער אויבערלייטענאַנט עריך שטובענוי, איז געווען אויפגעדעקט און האָט געציטערט די גאַנצע צייט צו געפינען צווישן אונז עפּעס אַ חטא, אַן אומגליקלעכן פאַרזינדיקער און אים אויסערגעוויינלעך באַשטראָפן?

שוין זייט עטלעכע חדשים, איז געווען רואיק צווישןביידע פראָנטן. דער שניי

מען זאָגט ביי אונז, באַזונדערס פּיינפּיליק אופּגעכאַפּט און איבערגעלעבט. און אסך אין דיינע בריוו קומט מיר אויס אומפאַרשטענדלעך. דאָס איינציקע, וואָס איך נעם אויף און פיל דורך אָנע צווייפל — דאָס איז דיין גרויסער אויסגאַנגסלאָזער צער.

דו ווייסט, טייערע, שטאַרבן אַף מלחמה, באַטייט נישט — שטאַרבן יונגערהייט, אומאָפּהייגיק פון דעם, ווי אַלט ס'איז דער שטאַרבנדיקער. דאָ איז דער באַגריף וועגן צייט, וועגן צווישנרוים פון לעבן און טויט, אַ גאַנץ אַנדערער ווי אין געוויינטלעכן לעבן. אָט שרייבסטו, אַז עס זיינען פאַרביי 2 חדשים צייט, ווי כ'האָב דיך פאַרלאָזן. נאָר 2 חדשים, און ניט יאָרן, יאָרהונדערטער?!.. ס'האָט זיך דאָך אַלץ, אַלץ געענדערט, געוואָרן אַנדערש. טויט, דער ניט דאָ זיין, פאַרקריפּלונג, אַלץ, וואָס איז אַזוי שרעקלעך, אַזוי אומפאַרשטענדלעך דאָרטן, לעבט דאָ מיט אונז צוזאַמען זייט ביי זייט און פון דער נאָענטקייט זיינען זיי געוואָרן ווייניקער שרעקלעך, דער ווערט פון לעבן איז געוואָרן אַן אַנדערער. כ'וועל דיר זאָגן אָט וואָס: די מענטשן חלומען דאָ וועגן דעם, „וואָס וועט זיין, אַז מען וועט מיר ניט דערהרגענען“, דו פאַרשטייסט מיר?.. נעכטן האָבן מיר, חברים, צווישן זיך אָפּגעמאַכט: איטלעכער, וואָס וועט בלייבן לעבן איז מחויב מודיע צו זיין דער משפּחה פון פאַרשטאָרבענעם וועגן זיין טויט. און אין דעם אָפּמאַך פון לעבעדיקע אין נאָמען פון טויט איז פאַראַן עפּעס קינדישס, נאַאיוועס. יאָ, זיי זיינען גערעכט, זאָלן די קרובים, ליבנדיקע, זיך דערוויסן וועגן טויט פון נאָענטן. ווייל לעבן אין אומוויסן דאַרף זיין זייער פּיינלעך פאַר די לעבעדיקע. און אפשר בעסער ניט וויסן... געדיינקסט די באָבן, וואָס האָט צוויי און פערציק יאָר געוואַרט אַף איר זון, וועלכן מען האָט געהאַלטן פאַר אַ פאַרפאַלענעם? זי האָט דאָך געלעבט מיטן וואַרטן ביטער צו לעבן, אַז ס'איז ניטאָ אַף וואָס צו וואַרטן. דער טויט אָבער נעמט אַוועק אַלע האָפענונגען. ס'וואָלט נישט שלעכט געווען איצט אַף אַ ווייל פאַרלירן די פיאיקייט צו טראַכטן... דאָס וואָלט געגעבן אַ געוויסע רו. דו זאָגסט — צוויי חדשים? וואו צוויי חדשים, אַז דער גאַנצער באַוואוסטזיניקער לעבן, אַלץ, וואָס ס'האָט פאַרהיט דער זכרון, איז איבערגעלעבט נאָכאַמאָל, איבערגעלעבט טיפער, מיטן זעלבסטאַנאַליז?! שטעל זיך פאָר אַף אַ רגע אַ מענטשן, וואָס וואָלט אָנגעהויבן איטלעכן באַגינען שרייבן אַ צוואה. אַ לעבעדיקער ענין, שאַפן, זוכן נייע וועגן — אַלץ וואָלט געוואָרן פאַרגעסן. ווייל דעם, וואָס שרייבט די צוואה, זיינען פאַרמאַכט די וועגן פון דער צוקונפט. מיר

האָט פאַרדעקט דעם גאַנצן האָריזאָנט אַף צוויי מעטער די הויך און עס איז אומגעמעגלעך געווען צו רירן זיך פון דעם אָרט.

און אין אַזאַ נודנער צייט — זוכט זיך דער אויבערלייטענאַנט שטובעני באַשעפטיקונג

און עס איז נישט פאַראַן קיין מער אינטערעסאַנטע באַשעפטיקונג — ווי דעם צווייטנס צער, מען זאָגט: דאָס איז אַ סלאַווישע אייגנשאַפט. נישט דווקא, עס איז אויך אַ מאַדיאַרישע אייגנשאַפט און איך האָב מורא: אַז עס איז אַן אַלגעמיין מענטשלעכע אייגנשאַפט.

ווי אַזוי עס זאָל נישט זיין — דער לעצטער באַפעל, וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן דער גענעראַל־לייטענאַנט, דער הער פאָן־גרויליכען — האָט פאַרהאַלטן דעם אויבערלייטענאַנט שטובעני אין דער זאַך. דער באַפעל איז אַרויסגעגעבן געוואָרן קעגן די, וואָס אַנטלויפן אין פיינטלעכן לאַגער און דער באַפעל האָט געלויטעט:

„ווער עס כאַפּט אַזאַ פאַררעטער בשעת דעם אַנטלויפן, קאָן אים באַשטראָפן אָן אַ שום אורטייל, מיט וואָס פאַר אַ שטראָף ער וויל און אין וואָס פאַר אַ פאָרם ער וויל, אַחוץ טויט־שטראָף, וואָס קאָן אַרויסגעגעבן ווערן נאָר דורך דעם מיליטער־געריכט“.

דער באַפעל איז געקומען ווי אַ מציאה פאַר דעם אויבערלייטענאַנט עריך שטובעני.

— „אין דער פאָרם, וואָס ער וויל“...

און וויפיל, וויפיל פאָרמען האָט אונז באַשאַפן דער גליקלעכער שטן!

— „ווער עס כאַפּט אַזאַ פאַררעטער“. —

און וואָס איז דען גרינגער פון דעם? — ביטע: יעדן טאָג קאָן מען כאַפּן אַזאַ פאַררעטער אויב מיר ווילן נאָר.

און דער אויבערלייטענאַנט האָט געוואָלט און האָט געפונען.

ער האָט געפונען דעם פרייטער חיים יוסף דוד.

חיים יוסף דוד איז בכלל אַ וואונדערבאַרער נאָמען. עס איז דאָ אַ מעגלעכקייט צו אונטערהאַלטן זיך.

און על אחת כמה וכמה מיט אַזאַ מין זונדערבאַרן אופן באַשעפעניש ווי חיים

יוסף דוד. אַ ישיבה־בחור, אַ פּרוש, וואָס מאַכט העוויות, דאַוונט יעדן טאָג אין תפילין, קוקט אַריין אין אַ אידיש ספר מנחה־צייט. און גייט תמיד אַרום מיט אַן עקסטאַזע שמחה פון די חסידים ראשונים.

דאָס פרייליכע פּנים איז דערגאַנגען דאָס לעבן פון עריך שטובענוי, דעם אויבערלייטענאַנט. עס האָט אים אויפגעפּרעסן, ווי עסיק פּרעסט אויס די אויגן, ביז ער איז אַמאָל צוגעגאַנגען צו אים און אים געזאָגט:

— פרייטער חיים יוסף דוד, פאַרוואָס ביזטו אַזוי תמיד פריילעך, צו דיינקסטו דיר באמת, אַז די מלחמה איז פאַר אונז אַ שפּילכל? וואָס? וואָס ביסטו אַזוי פריילעך מיט אַזאַ נאַריש פּרצוף.
און חיים יוסף דוד ענטפערט אים מיט פּשוטע ווערטער:

— ווי אַזוי זאָל איך מיך נישט פרייען גנעדיקער הער, אַז די מלחמה איז געגעבן געוואָרן נאָר, כדי מטהר צו זיין די מענטשן.

— די יסורים רייניקן דעם מענטשן גנעדיקער הער. די יסורים רייניקן, רייניקן, רייניקן.

דער אויבערלייטענאַנט האָט אים נישט פאַרשטאַנען אויך נאָך דעם פּירוש. אָבער ער האָט זיך דעמאָלט עפּעס געקלערט; געקלערט און אַרויסגעוואָרפן זיין מחשבה מיט אַ שטיל קול:

— איך וועל דיך שוין בקרוב רייניקן.
און זיין טיראַניש בלוט האָט שוין אויפגעקאָכט, ווי אַן אָנגענעמע ציטערניש און זיינע הענט האָבן שוין געציטערט פון דעם העכערן אויסערגעוויינלעכן תענוג.

און ער האָט שוין געזען מיט זיינע גייסטיקע אויגן — ניין, נישט מיט גייסטיקע אויגן, נאָר מיט קערפּערלעכע אויגן האָט ער געזען, און אויך מיר האָבן געזען, מיר האָבן אַלע געזען, מיט געוויינלעכע אויגן האָבן מיר געזען, און אַביסל געחלשט. געחלשט — און נישט מער. מיר האָבן געחלשט — אָבער מיר האָבן זיך נישט צוביסן אונזער הויט, מיר האָבן נישט דערהרגעט איינער דעם צווייטן, און מיר זיינען נישט משוגע געוואָרן.

— ניין.

אָבער, באַהאַלטן דאָס פּאַפּיר נאָר אין געציילטע מאָמענטן פון אָפּרו... און רייסן זיך אָפּ פון טויטן שאַפּן — צוואה.

## פירטער בריוו

איך בין פאַרוואונדעט... מיין פאַרוואונדונג איז פון די שווערע, אָבער ניט געפערלעך פאַרן לעבן, אַזוי זאָגן די דאָקטוירים. איך האָב אַ פאָרגעפיל, אַז איך וועל בלייבן לעבן...

דער מענטשלעכער זכרון, אפילו דער זכרון פון שטאַרק איבערלעבנדיקע מענטשן, איז ניט ביכולת אויפצושטעלן די בילדער פון שלאַכט. דאָס קען מען איבערלעבן, מען קען דערפון פון זינען אַראָפּ, אָבער דערציילן עס איז אוממעגלעך.

עס איז געווען דער ערשטער טאָג. אַ געוויסע צוגרייטונג פון דער שטימונג ווערט פאַמעלעך פאַרבאַרייט ביזן אַריינטרעטן אין דער שלאַכט־ליניע. אין דער צייט איז דער לעבן פאַר דיר אַ צווייאַיקער, מען איז פול מיט פיזישע איבערלעבונגען אין וועג און פיינלעכער דערוואַרטונג פון... שרעקלעכן מאָמענט.

איך בין פאַרוואונדעט געוואָרן בײַ בישאָפּסבורג, אין פאַס פון אָזערע־זומפּן. דער וועג, ווי דו זעסט, איז געווען אַ שווערער און די האַזיקע שווערקייט האָט אין אַ געוויסער מאָס אָפּגעשוואַכט די פּסיכישע איבערלעבונגען.

נאָר אָט האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז מיר געפינען זיך אַף די שלאַכט־פּאָזיציעס. איטלעכע רגע האָט מען געוואַרט אָנצוהייבן דעם אָנגריף. איינצעלנע קוילן האָבן אָנגעהויבן צו פליען איבער אונזערע קעפּ. עס האָבן זיך באַוויזן פאַרוואונדעטע, שפּעטער אויך דערהרגעטע. אַז דו וואָלסט געוואוסט, אַז מען וואָלט געקענט דערציילן וועגן דעם שוידער, וואָס עס טראָגט מיט זיך דער ערשטער פאַרוואונדעטער... מען איבערלעבט ממש פיזיש די האַזיקע ווייטיקן; שפּעטער אַהין. אַז עס ווערן אַ מאַסע פאַרוואונדעטע און דערהרגעטע, ווערסטו אָפּגעטעמפּט. און אַזוי האָבן מיר זיך באַוועגט צו דער פייער־ליניע. דער שטח, וואָס ווערט מיט איטלעכער שעה קלענער, האָט אונז דערנענטערט צום שונא, וועלכן מיר האָבן נאָך ניט געזען, אָבער שוין געפילט. אינדערלופטן האָבן זיך געהערט די אייגנאַרטיקע קלאַנגען, וואָס עס לאָזן אַרויס די פליענדיקע קוילן. די קלאַנגען קען מען מיט גאָרנישט ניט פאַרגלייכן: אַ שאַרפער, אַ צעצויגענער פייף. אַ רחמנותדיקער וויינען, קריצן מיט די ציין, אָפּגעריסענע שאַרפע נאָטן, באַטויבנדיקעס. זיי האָבן זיך געטראָגן פון אומעטום. די קוילן זיינען געפאַלן צווישן אונז, אויפגעריסן די ערד, געטראָגן מיט זיך טויט און פאַרוואונדונג. מיר זיינען שוין נאָענט. איך האָב אויפגעהערט צו

דערקענען דאָס אַרומיקע. איך געדיינק נאָר, איך דערמאָן זיך זייער גוט, דאָס פּנים פון דעם יונגען סאָלדאַט, וואָס איז געפאַלן לעבן מיר. דאָס איז געווען אַ העל־האָריקער בחור מיט בלויע אויגן.

אַנידערפאַלנדיק, האָט ער עפּעס אַזוי קאָמיש, ווי אַ קינד, אויסגעצויגן פאַר זיך די הענט. און אָט דער זשעסט האָט מיר דערמאָנט אַ שטיפנדיקן אינגעלע, וואָס כאַפּט די פּילקע אין געלאָף. דער־נאָך האָב איך פּלוצלונג דערזען אַ לוזשע מיט בלוט... ערשטע בלוט!.. אַ רגע, נאָר איין רגע, האָב איך דערפילט דעם גערוך און געשמאַק פון בלוט אין מויל.

פון דעם אויגנבליק אָן, ווערט אַלץ אין מיין זכרון מטושטש און נעפּלדיק. אין מיר הויבט אָן צו וואַקסן עפּעס אַן אומפאַרשטענדלעכער כעס און פאַרלאַנג נקמה צו נעמען פאַר דעם בחורל מיט די גרויסע בלויע אויגן, וואָס האָט מעשה קינד אויס־געצויגן די הענט. חיהשעס, אוממענטשלעכעס איז אין מיר געוואַקסן. איך האָב זיך געמאַטערט און ניט פאַרשטאַנען, וואָס וואַרטן מיר, פאַר וואָס גייען מיר ניט אין אַטאַקע?.. איך געדיינק, דאָס איז געווען מיין לעצטער באַוואוסטזיניקער גע־דאַנק, שפּעטער איז אופגעקומען עפּעס אַ שווערע שלעפעדישקייט. עס האָט זיך געוואָלט שלאָפן און ניט זען די פּנימער פון די חברים, ניט דערמאָ־נען זיך... וועלכע זיינען שוין מער ניטאָ... שפּע־טער — מיטיק און אָפּרופעניש. אָ, וויפיל שוידער ס'איז באַהאַלטן אין אַזאַ ערשטער אָפּרופעניש נאָך דער שלאַכט... אָט רופט מען אויס דעם זעל־ביקן, וואָס האָט נאָך נעכטן געגעסן, געלעבט, גע־לאַכט—איצט רופט זיך אָנשטאָט אים אָף אַ פרעמ־דע גלייכגילטיקע שטים: — „דערהרגעט“.

וועמעס קול איז דאָס. פאַרוואָס קלינגט ער אַזוי פיינטלעך? און דאָ פאַרגנבעט זיך צום ערשטן מאָל אַ נייער געפיל, אַזאַ מאָדנער אומאָנגענעמער גע־פיל פון דעם, וואָס דו ביסט דאָ, אין דער צייט, ווען יענער, דער אַנדערער, איז שוין מער ניטאָ... און ווידער ווילט זיך גיין שלאָפן, שלאָפן, שלאָפן... נאָר ווען ס'איז געקומען די נאַכט, איז דער שלאָף אָבער ניט געקומען. זיי זיינען געבליבן דאָרטן, דוכט זיך אויס ווי לעבעדיקע, לאַכנדיקע. עס שלאָפט זיך ניט...

אַף מאָרגן.

עס פליען די סנאַריאַדן. מיר זיצן אין די אָקאָפּעס. צונויפגעדריקט. מיר וואַרטן, ווען דאָס וועט זיך ענדיקן. כ'קוק אַף די אַרומיקע בלייכע פּנימער, צוטראָגענע ניט געוויינטלעך ערנסטע. זיי וואַרטן אַף עפּעס. אהאַ, איך דערמאָן זיך, זיי ווילן טרעפן, וואו עס וועט פאַלן דער סנאַריאַד? און דאָ ווידער



מיר האָבן געחלשט.
און עס איז אַזוי געווען.

ב.

צו מאָרגנס — איז געווען חנוכה. חיים-יוסף-דוד האָט גישט פאַרגעסן אָנצוצינדן די ליכטלעך, ווי דער דין איז. ער האָט אָנגעצונדן די ליכטלעך און געמאַכט די ברכות, און געזונגען, געזונקען מיט דבקות, ליבלעך מיט אַ הייליק קול, מיט עליית נשמה ממש

מיר זיינען געזעסן אין טויטן גרוב. אַרום אים זיינען מיר געזעסן און געקוקט אַף אים און מיר האָבן זיך צוגעהערט צו זיינע זמירות — און ער האָט געזונגען געזונגען מיט האַרציקייט מיט באַשיידנקייט, מיט גרויסע ליבע, מיט רחמנות, מיט אייביקייט.

און פּלוצלונג איז אַריינגעקומען דער אויבער־לייטענאַנט שטובענוי.

מיר זיינען אַלע אופגעשטאַנען פאַר זיין כבוד וועגן. און חיים-יוסף-דוד האָט אים גישט געזען. ער האָט אים נישט באַמערקט און האָט נישט אופגעהערט צו זינגען.

נאָך דעם האָבן מיר געזען, ווי אַזוי די ברוטאַלע אויגן פון דעם אויבערלייטע־נאַנט זיינען רויט געוואָרן, ווי אַזוי זיין פּנים איז געוואָרן פאַרגאָסן מיט בלוט און ווי אַזוי זיינע הענט האָבן געציטערט.

ער האָט אַרויסגעוואָרפן אַ פּאָר ווער־טער, נאָר מיר האָבן זיי נישט געהערט. און ער איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ באַ־שלום, דאָס האָבן מיר אין אים דער־קענט, אַז ער איז אַרויסגעגאַנגען מיט אַ באַשלום.

און כמעט מיר אַלע האָבן שוין גע־וואוסט, אַז חיים-יוסף-דודס גורל איז שוין באַשלאָסן.

און אַז עס איז אַוועק אַ טאָג, פאַרנאַכט צו, האָט מען מיט אַ באַפעל אַריינ־געפירט חיים-יוסף-דוד אין דער וואַך-אָפּטיילונג.

און אין דער זעלבער נאַכט האָט מען געבראַכט חיים-יוסף-דודן געקאָ־וועט אין קייטן. דער אויבערלייטענאַנט אַליין האָט אים געבראַכט.

און נאָך דעם — דער שרעקלעכער קלאַנג.
דער אויבערלייטענאַנט שטובענוי בכבו־

דו ובעצמו, האָט געכאַפּט דעם פרייטער חיים־יוסף־דוד אין דער מינוט, ווען ער האָט זיך אָנגעבויגן און האָט אָנגעהויבן צו קריכן אַקעגן דעם פיינטלעכן לאַגער.

און איצט וואָס?

איצט — די שטראָף. אָן אַן אורטייל. לויט דעם באַפעל.

נישט קיין טויט־שטראָף, זעלבסטפאַרשטענדלעך, נאָר סתם אַ שטראָף.

און אַלע אונזערע פנימער זיינען בלייך געוואָרן צוליב דער השערה פון דער דאָזיקער שטראָף צוליב דער השערה אַליין. מיר זיינען בלייך געוואָרן און אונזערע הערצער האָבן אָנגעהויבן שרעקלעך צו קלאַפּן, נישט ווי געוויינלעך, ווי אַ קאַליע זייגער.

און דער אויבערלייטענאַנט האָט אַרויסגעגעבן אַן ענערגישן באַפעל. אָן רעש! נישט אָנמאַכן קיין ליאַרם און טומל! שטיל. עס איז אַ חרפּה פאַר אונז, אַ בושה און אַ שאַנד, אַז עס זיינען דאָ צווישן אונז אַזעלכע לייט, וואָס ווילן זיך איבערגעבן דעם פיינט, אַזאַ מין שאַנד דאַרף בלייבן בסוד צווישן אונז אַליין, און מיר אַליין דאַרפן באַשטראָפן דעם זינדיקן.

און צווישן אונז אַליין האָט געבראַכט דער אויבערלייטענאַנט שטובענוי דעם „זינדיקן“ אין אונזער בשותפותדיק־חדר, האָט אים צוגעשטעלט צו דער וואַנט און האָט אים געהאַלטן אַ רעדע.

מיר האָבן נישט געהערט, וואָס ער האָט צו אונז גערעדט

אונזערע אויגן זיינען געווען פאַרשטאָפּט פון דעם שמוץ. פון דעם מענטשלעכן שמוץ, וואָס האַלט אַ רעדע מיט אַזאַ הוצפּהדיקן טאָן אין נאָמען פון רעכט, יושר און גבורה.

מיר האָבן נישט געהערט — נאָר עטלעכע ווערטער האָבן מיר דאָך אויפגעכאַפּט:

— אויב די יסורים רייניקן דעם מענטשן — האָט געזאָגט די שקאַראַדע אין מענטשלעכער געשטאַלט — אויב זיי זיינען אים מטהר — אַזוי ווי דו האָסט מיר געזאָגט מיט שמחה, חיים־יוסף־דוד — האָסטו איצט אַ מעגלעכקייט געריניקט צו ווערן. און איך וועל דיר געבן דווקא אַ אידישע מעגלעכקייט, לויט

אַן עקלדיקער זשוזשן. ס'פאַלט איין די האַרץ. אָ, ווי עס ווילט זיך שטאַרבן!..

פשוט שטאַרבן, אַבי ניט הערן דעם מאַטערנדיקן פייפן. דער סנאַריאַד האָט אויפגעריסן, דו ביסט געבליבן גאַנץ: „ניט איך!“... און וואַרטסט ווידער. און ווידער אַ געדאַנק, בעסער שטאַרבן, איידער אָט דאָס!.. נאָר ניט די יסורים!.. און אין דעם קאָשמאַר ווערט געבאָרן און עס שמידט זיך, יאָ, יאָ — שמידט זיך דער העראָאיזם! די אהבה צום פאָטערלאַנד, דאָס שטרעבן צום נצחון שווימט אויף פון דעם ווילדן קאָשמאַר. לעבן, נאָר לעבן, כּדי אַלץ, אַלץ, אָפּגעבן — דעם פאָטערלאַנד, מיט וועלכן דו ביסט צונויפגעוואַקסן דורך בלוט, דורך לעבעדיקע בלוט! און דאָ, דערוועקט זיך דער באַדאַרף צו אַקטיווער טעטיקייט. עס ווילט זיך באַוועגן זיך, שרייען, האַקן, הרוב מאַכן! און דער געדאַנק ניט צו שטאַרבן ווערט אַלץ בולטער, באַקומט אַן אויסערגעוויינטלעך קלאָרע פאָרם. אין דעם אויגנבליק פון גייסטיקן אופבריז האָב איך אָנגעהויבן דייטלעך צו זען און הערן דאָס, וואָס איז ניט געווען נעכטן, אינאָנהייב פון שלאַכט.

אַ גרויער ווייסלעכער נעפּל, האָט באַדעקט דעם טאָל פון טויט. אַלץ איז געוואָרן מאָנאָטאָן און אין נעפּל האָבן געפינקלט עפּעס אַזעלכע שרעקלעכע פיגורן. עס האָט זיך געהערט דאָס בריקן פון פאַרוואונדעטע פערד, בערג מיט מתים זיינען אויסגעוואַקסן, צווישן וועלכע עס האָט זיך נאָר געצאַפּלט עפּעס לעבעדיקעס. און פון די אָטעמדיקע בערגלעך, קרעכצנדיקע, פאַרוואונדעטע און בריקנדיקע פערד... איז די אָנקומענדיקע נאַכט געוואָרן נאָך מיאומדיקער. — „דאָס איז נאָך ניט אַלץ“, — ווי איינער וואָלט געשעפּטשעט.

דאָס האָב איך אויך געפילט! נאָר וואָס?... מיט וואָס קען נאָך אָנשרעקן די נאַכט? אין די אַקאָפּעס זיינען מיר געבליבן ווייניק. אַרום איז געוואָרן שטילער. איך בין געווען אין אַן אויפגערעקטן צושטאַנד, וואַרטנדיק אויף וואָס, פּלוצלונג זע איך, ווי אונזער קאָמאַנדיר האָט זיך אַ שאָקל געטאָן. „נאָר אָוועקטראָגן אים“ — האָב איך געטראַכט, אַרופוואַרפנדיק אים אויף מיינע פּלייצעס. נאָר אָוועקטראָגן. איך האָב דערפילט הייסע בלוט. עס זיינען פאַרביי עטלעכע מינוטן, לאַנגע, מאַטערנדיקע, צעצויגענע. די לאַסט אויף די פּלייצעס איז געוואָרן שווערער. — געשטאָרבן, — האָב איך געטראַכט. און ווידער האָב איך זיך דערמאָנט אָן סאָלדאַט מיט די בלויע אויגן, ווי ער וואָלט כאַפּן די פילקע לויפנדיק. אַ שפּליטער פון אַ שראַפּנעל האָט מיך פאַרוואונדעט אין בויך. נאָך אַ פּאָר טריט, און איך בין אומגעפאַלן. מען האָט מיר אויפגעהויבן מיטן מת אויף די פּלייצעס. און דאָס איז אַלץ...

## פינפטער בריוו

טייערער!

אַט איז עס, דאָס פּרויאישע, דאָס שרעקלעכע, ניט פאַרשטענדלעכע, דאָס, פאַרוואָס מיר שרעקן זיך און פון וואָס מיר קענען ניט אַוועקגיין... דו ביסט פאַרוואונדעט. דורכגעלייענט וועגן דעם אין ציימונג. דורכגעלייענט און... ווייסטו, כ'האָב זיך ווייניקער אופגערעקט, ווי מען האָט געקענט דערוואַרטן. איך בין געבליבן כמעט רואיק. איין מינוט איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן, ווען כ'האָב דיך אין בלוט דערזען, דיך אין ווייטיקן. כ'האָב דאָך דאָס דערוואַרט און אָט איז עס געקומען. פאַרוואונדעט, ס'הייסט, אָן הענט, אָן פיס, און אפשר — אָנע אויגן? ניין, ניין, נאָר נישט דאָס. און אפשר דיין צאַרטער שטערן... ס'האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז כ'קען אַליין דעם אויסוואַל מאַכן. וואָס וויל איך מקריב זיין פון דיך? און כ'האָב ניט געוואוסט, פאַרוואָס זיך מער צו שרעקן. כ'האָב אָנגעהויבן האַנדלען מיט זיך אַליין, אָפּדינגען יעדן גליד. וועגן דעם, אַז דו קענסט שטאַרבן, מעגלעך, אַז דו ביסט שוין געשטאָרבן, דערפון טראַכט איך ניט. דאָס איינציקע, וואָס כ'האָב תיכף באַנומען, איז דאָס, אַז איך דאַרף פאָרן צו דיר. כ'ווייס, ווי שווער, ווי כמעט אוממעגלעך ס'איז זיך צו דערקלייבן צו דיר און דאָך וועל איך פאָרן, ווייל כ'מוז עס טאָן, פאַר זיך... יאָ, אַנדערש קען איך ניט! טייערער מיינער, כ'קאָן נישט נישט פאָרן. צוויי טעג האָב איך נישט גערוט, ביז איך האָב זיך דערשלאָגן אַ דורכפאָרשיין. איצט איז אַלץ פאַראַן און איך פאָר. צי וועל איך דיר נאָך זען, דערקענען? און אפשר איז מיט דער צייט געשען אַזוינס, וואָס איז ערגער פאַר פאַרקריפּלונג... משוגעת! אַלץ, אַלץ, נאָר ניט דער טויט!..

---

דאָס איז דער לעצטער בריוו. זי איז צום מאַן ניט דערפאָרן. אין וועג איז זי געשטאָרבן. איר מאַן איז געשטאָרבן, נישט ווייסנדיק וועגן טויט פון זיין פרוי. איר לעצטער בריוו איז צו אים נישט דער־גאַנגען.



דיין גייסט: מקיים זיין גלייכצייטיק אויך אַ מצוה. און ווי, חיים-יוסף-דוד, פילסטו זיך שולדיק?

חיים-יוסף-דוד, וואָס איז געשטאַנען געבונדן ווי אַ גנב — האָט אים נישט געקוקט אין פנים אַריין, נאָר אַראָפּ, צו דער פינצטערער ערד און האָט געזאָגט כמעט זינגענדיק:

— פאַר דעם מלך מלכי המלכים — יאָ; נאָר פאַר אַ בשר ודם, גנעדיקער הער — נישט!

— וואָס? ? האָט אַף אים אַ געשריי געגעבן דער אויבערלייטענאַנט מיט אַ ווילד געלעכטער — וואָס? ? פאַר מיר נישט? גוט. אויב יאָ אַזוי, חיים-יוסף-דוד, דאַרפסטו זיך דאָך רייניקן פאַר דיין גאָט. איצט וועסטו גערייניקט ווערן, חיים-יוסף-דוד. איך וועל דיך נישט הרגענען, ניין, אַף דעם האָב איך נישט קיין באַפעל און קיין דערלויבניש. און איך וויל דאָס אויך נישט, אָבער איך וויל דיר רייניקן. — — דו, חיים-יוסף-דוד וועסט אָנצינדן דיינע ליכטלעך.

— יאָ — האָט געזאָגט חיים-יוסף-דוד.

— און וועסט בענטשן מיט אַ הויך קול.

— יאָ.

— און וועסט גערייניקט ווערן פון דיינע זינד.

און אַף זיין זאָפּאָרטיקן באַפעל — און אָט איז אַריינגעקומען אַ זעלנער און האָט געהאַלטן אין דער האַנט אַ עמער פול מיט עפּעס אַ שוואַרצער מאַסע, אַזוי ווי סמאָלע — אָדער עפּעס ענלעך צו דעם. סמאָלע כמעט נאָך זודיק — מען האָט אַוועקגעשטעלט דעם עמער נעבן חיים-יוסף-דודן, אופגעבונדן די קייטן, מיט וועלכע ער איז געווען געקייט און דער אויבערלייטענאַנט האָט אים באַפוילן:

— טונק איין דיינע ביידע הענט! די פינגער!

חיים-יוסף-דוד האָט נישט געוואוסט ווייזט אויס, וואָס פאַר אַן אַרט סמאָלע עס איז. ער האָט נישט געוואוסט צי זי איז הייס אָדער נישט. גאָרנישט האָט חיים-יוסף-דוד געוואוסט.

ער האָט איינגעטונקט די פינגער, זיינע ביידע הענט — — און האָט אַרויסגעגעבן אַ שטילן ביטערן קרעכץ, וואָס

פערשימערט ביז צו די הארץ-סטרו-נעס.

— שוויג, פארפלוכטער הונט! פארמאך דאס מויל מעקלער, צושטערער פון פא-טערלאנד, ניקאלאיס חבר! — און וואס האסטו געקלערט, אז דאס איז האניק?

חיים-יוסף-דוד איז געשטאנען און זיינע ביידע איינגעטונקטע הענט מיט דער זודיקער סמאלע, האבן געציטערט, געפלאקערט און געשווידערט, האבן זיך געווארפן דורך די יסורים פון שרעקלעכן ווייטיק, און זיין פנים האט זיך גע-קרימט, אזש ביז דעם פנים פון אן אומ-גליקלעכן שייזאל.

— גנעדיקער הער — האט ער געזאגט כמעט פארבלענדעט — גנעדיקער הער עס טוט וויי, גנעדיקער הער.

— הויב אוף דיינע הענט! העכער! — האט געשריען דער אויבערלייטענאנט, ביז צו דיין קאפ! — גלייך די ארעמס. אויסגעצויגן, און די דלאניעס ארוף! נאך! אזוי, איצט שטעל זיך צו דער וואנט, מיטן רוקן. אזוי, און איצט אינ-פאנטעריסט קאלמאר! בינד צו ביידע הענט צו דער וואנט, זיי זאלן זיך נישט אוועקרוקן פון דארט.

דער זעלנער קאלמאר האט ארייננגע-שטעקט פיר צוועקעס אין דער וואנט אריין. צו צוויי פאר יעדער האנט, ער האט אריינגעגעבן די הענט צווישן די צוועקעס און האט זיי צוגעבונדן מיט א דראט.

אזוי איז געשטאנען חיים-יוסף-דוד — — אזוי ווי א מנורה, וואס האט צוויי טיילן. און אין דער שפיץ פון ביי-דע טיילן — אכט שווארצע ליכט, די אכט פינגער — א חוץ די גראבע פינ-גער — וואס זיינען געווען איינגעשמירט מיט סמאלע.

מיר האבן געוואוסט, וואס עס וועט נאכ-פאלגן. מיר האבן געוואלט ארויסגיין פון צימער איינציקווייז.

דער אויבערלייטענאנט האט אונז א גע-שריי געגעבן מיט א שרעקלעכן קול: — קיינער זאל זיך פון ארט נישט רירן, לייד־אקעס! — און וואס מיינט איר דען, פאר וועמעס וועגן באשטראף איך דעם פארדעמער אויב נישט צוליב אייך, פאר אייערט וועגן. צוליב דעם — — כדי איר זאלט זען און וויסן — און איצט



# מיט די טערעקער קאזאקן איבער בוקאווינע און גאליציען

זכרונות פון דר. א. דעבמאוווסקי

דר. דעמבקאווסקי איז געווען איינער פון די ווייניקע אידישע מיליטער-דאק-טוירים, וועמען דער גורל האט געבראכט אין קאזאקן-לאגער, אין דער צווייטער קוזלארא-גרעבענסקאי-קאזאקן-פאלק. דר. דעמבקאווסקי איז דורכגעגאנגען דעם שווערן בלוטיקן וועג פון דער מלחמה מיט די טערעקער קאזאקן, וואו אים איז אויסגעקומען צו זען און איבערלעבן דעם געוואלדיקן שטורם פון מענטשלעכע ליידן און די גרויסע כוואליעס פון אידישע צרות.

דעם פופצנטן אויגוסט האבן די פיינטלעכע ארמייען דורכגעבראכן אונזער פראנט בא פאדגייצע. די רוסישע ארמיי איז גע-צוואונגען געווען צו פארלאזן די פאזי-ציעס באם טייך זלאטאפאליא און האט פארגעזעצט דעם צוריקמארש צום טייך סערעט. אונזער דיוויזיע האט געמוזט טארמאזירן דעם פאר מארש פון שונא. די קאזאקן האבן אפן גאנצן וועג געצונדן די תבואה אף די פעלדער, און די מלאכה האבן זיי דורכגעפירט זייער פלינק, האבנדיק דערביי גרויס דערפארונג פון אלטע צייטן. גאנצע טעג פלעגן מיר רייטן דורך די פעלדער פון גאליציען, באגלייט מיט זיילן פון פייער און רויך. די "אילומינאציעס" צו-ליב סטראטעגישע סיבות האבן געמאכט א שוידערן איינדרוק. מענטשן אין גאליציען האבן נישט גע-האט וואס צו עסן, און האבן זיך געקארטשעט אין כאלעריע-קאנוואלסיעס, זיי האבן נישט געהאט

אַביסל שטרוי אונטערן קאָפּ צו לייגן, און דאָ האָט מען געצונדן און פּאַרטיליקט תבואה, אַף וואָס מענטשן האָבן געהאָרעוועט און געהאָפּט אַ גאַנצן זומער. זיך צוריקציענדיק זיינען מיר דעם 20־טן אַווגוסט געקומען אין דאָרף איוואַטאָווסקאַ. די עסטרייכער זיינען צוגעגאַנגען ביזן טייך סערעט. אַבער ניט וואַרטנדיק ביז זיי וועלן זיך באַפעסטיקן, זיינען די רוסן צוריק אַריבער אין קאָנטר־אָנגריף.

דעם 24־טן אַווגוסט האָט אונזער קאָזאַקן־דיוויזיע צוזאַמען מיט פוסגייער־טיילן צוריק אָפּגעשטופּט דעם פיינט, וועלכער איז אין אומאָרדנונג אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק פיל געפאַנגענע, האַרמאַטן און אַנדערע קריגס־מכשירים. אונזער דיוויזיע האָט פאַרפאָלגט דעם שונא. איך האָב אַ גאַנצע נאַכט געאַרבעט, פאַרבינדנדיק די פאַרוואונדעטע.

די עסטרייכישע אַרמיי האָט זיך באַפעסטיקט אַף דער סטריפּע, און מיר זיינען פון דאָסניי אַריבער אין אַ פּאָזיציאָנס־קריג. פון אונזער זייט זיינען אַלץ געמאַכט געוואָרן פּרואוון אָפּצושטופּן דעם פיינט אַף צוריק, אָבער זיי האָבן זיך אַלץ נישט איינגעגעבן. אָנהויב סענטיאַבר זיינען בײַ נאָוואָטיטשען צוזאַמענגעצויגן געוואָרן גרויסע פוסגייער־טיילן מיט פיל אַרטילעריע. עס איז געווען אַ באַפעל דורכצוברעכן דעם פיינטלעכן פראָנט און צו צושלאָגן די 48־טע דייטשע רעזערוו־דיוויזיע. און נאָכדעם זאָלן די רייטער־טיילן אַנטוויקלען דעם העכערפאָלג ווייטער, יאָגנדיק דעם געשלאָגענעם שונא. אונזערע לייכטע און שווערע אַרטילעריעס האָבן געעפנט אַ געוואַלטיקן פייער. דער פיינט איז ניט געבליבן שולדיק און האָט פאַרשאָטן אונזערע פּאָזיציעס מיט קוילן פון שווערע און לייכטע האַרמאַטן. אין דער לופט זיינען אַרומגעפלויגן עסטרייכישע און רוסישע אַעראָפּלאַנען, און פון ביידע זייטן האָט מען זיי באַשאָסן פון ספּעציעלע האַהמאַטן. אונזערע פוסגייער־טיילן זיינען אַריבער אין אָנגריף. די שווערע גראַנאַטן האָבן געמאַכט אַ חורבן און אויסגעגראָבן אַזעלכע גריבער, אין וועלכע עס האָט זיך געקאָנט באַהאַלטן אַ רייטער מיטן פערד. פון אַביסל ווייטער האָט מען געזען, ווי שוואַרצע וואָלקנס שטייגן אויף פון דער ערד מיט אַ מוראדיקן געהילך און פליען צום הימל. עס האָט זיך איינגעגעבן דורכצוברעכן די ערשטע ליניעס פון די פיינטלעכע פאַרפעסטיקונגען. פיר פּאָלקן רוסישע פוסגייער האָבן אַנטוויקלט דעם דורכברוך אַף אַ קליינעם שטח. אונזער דיוויזיע איז געשטאַנען גרייט צו פאַרפאָלגן דעם פיינט, אָבער די דייטשע דיוויזיע האָט גלייך גענומען אַרומרינגלען אונזערע פוסגייער. מען האָט גלייך געוואָרפן נאָך פוסגייער־פּאָלקן, כדי צו ראַטעווען די פאַראויסגייענדיקע, אָבער ווייניק פון זיי זיינען פון



האָט ער זיך געווענדעט צו חיים־יוסף־דודן, — איצט מאַך די ברכה!

און אין דעם מאָמענט — האָט זיך חיים־יוסף־דוד נישט געווענדעט צו דעם אויבערלייטענאַנט, — אין דעם מאָמענט איז דער אויבערלייטענאַנט אַף דער וועלט נישט געווען פאַר חיים־יוסף־דודן. ער האָט זיך געווענדעט צו אונז און געזאָגט, שטיל מיט אַ טרויעריק קול אָבער כמעט זינגענדיק, אַף העברייאיש:

— דאָס איז מיר געקומען ווייל איך האָב פאַרגעסן, ווען עס איז חנוכה, איך האָב אויך פאַרגעסן. נעכטן איז שוין געווען דער זיבעטער טאָג און איך האָב געמיינט, אַז ערשט דער ערשטער. אַ גאַנצע וואָך האָט איך פאַרגעסן. דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָב איך פאַרגעסן. איר האָט אַף מיר רחמנות? האָט אַף מיר נישט קיין רחמנות, איך לייד, לייד — —

און דער אויבערלייטענאַנט האָט אָנגעריבן אַ שוועבעלע און אָנגעצונדן די פינגער, די פינגער פון חיים־יוסף־דודן מיט פייער און חיים־יוסף־דוד האָט ווייטער גערעדט, האָט ווייטער גערעדט:

— איך לייד. לייד. דער ווייטאָק גייט איבער פון די פינגער אין מח אַריין. דער מח טוט מיר וויי. דער זכרון טוט מיר וויי, ווייל איך האָב פאַרגעסן. אַ מענטש טאָר נישט פאַרגעסן, מיינע פריינט, מען טאָר ניט. און חנוכה טאָר מען אַוודאַי און אוודאי נישט פאַרגעסן. חנוכה איז דער יום־טוב פון אונזער מלחמה. דער יום־טוב פון גאָטס־מלחמה. און אין אונזער איצטיקער מגוואַלדיקער מלחמה האָבן מיר פאַרגעסן די מלחמה פון גאָט, פון דעם לעבעדיקן גאָט. מתתיהו'ן דעם כהן גדול. ניין. נישט אין חלום האָב איך אים געזען נאָר מיט מיינע אויגן האָב איך אים געזען, דאָ אַף דעם פאַרפראָרענעם פענסטער האָב איך אים געזען. קוקט, דאָרט שטייט ער — ער וואַרט אַף מיין ברכה. איך וועל בענטשן און איר ענטפערט נאָך מיר: אמן.

און חיים־יוסף־דוד האָט אָנגעהויבן די ברכה.

ער האָט געזונגען, געזונגען די ברכה, מיט אַ הייליקער מעלאָדיע, מיט דבקות, מיט ווייטיק, מיט אַ ברענענדיק, דורכזיכטיק פּנים מיט קינדישע טרערן, מיט אייביקייט.

און די פינגער האָבן זיך אַלץ מער צוגליט, צעזשאַרוועט, און חיים-יוסף-דודס פּנים האָט זיך אַלץ מער צעברענט ווי אַ פלאַם פייער — און מיר, אַלע — אונזער בלוט האָט אַריינגעשטראָמט אין אונזערע קעפּ. מיר זיינען אַ מאָמענט געשטאַנען ווי טאַנצנדיק, וואַקלענדיק אומצופאַלן. מיר האָבן געחלשט אייניציקווייז.

אַז מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט — און חיים-יוסף-דוד איז שוין נישט געווען צווישן אונז. לויט אַ באַפעל האָט מען אים ערגעץ אַוועקגעטראָגן, אפשר אין אַ שפּיטאָל אַריין אָדער ערגעץ צו באַגראָבן, און מיר האָבן אים מער נישט געזען

און מאָרגן אינדערפרי האָט אונז דערשראָקן איינער פון אונזערע חברים און מיט אַ רויט און בלייך פּנים גלייכצייטיק האָט ער אונז צוגעשלעפּט צום פאַרפראָרענעם פענסטער, וואָס איז געווען פול מיט אייז-בלומען און פאַרשיידענע בילדער. מיר האָבן נישט געגלויבט אונזערע אייגענע אויגן, צווישן די פאַרשיידענע אייז-בלומען, אין די זייטן פון איין שויב האָבן מיר געזען אַ פּנים פון אַן אַלטן אידן.

אַ ציטערניש האָט אונז אַרומגענומען.

מיר זיינען געשטאַנען ווי געצוואונגען דורך דעם טייוול — און געקוקט.

— ער אַליין האָט עס אויסגעמאָלט — האָט געזאָגט איינער פון אונז מיט אַ טאָן, ווי איינער, וואָס גלויבט נישט אין זיינע אייגענע ווערטער.

— שוטה! — האָט געזאָגט דער צווייטער — דאָס איז אַ געמאָלעכץ מיט אַ האַנט?

און אַלע האָבן מיר פאַרגעסן אין דעם מאָמענט, אַז חיים-יוסף-דודס הענט זיינען שוין קיין הענט נישט געווען.

חיים-יוסף-דודס הענט זיינען דערהויבן געוואָרן צו דער קדושה פון אַ מנורה.



דאָרט צוריקגעקומען. די מערסטע זיינען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, און די איבעריקע זיינען געפאַלן פון פיינטלעכע קוילן. די דראָטענע צאַמען פון די פיינטלעכע שטעלונגען זיינען געווען פאַרהאַנגען מיט טויטע קערפּערס פון רוסישע אָפיצערן.

נאָך דעם ניט-געלונגענעם אנגריף האָט מען זיך אויף אַ לאַנגער צייט באַרואיקט. מען פלעגט נאָר פון לאַנגווייל שיקן איינער צום אַנדערן שווערע גראַנאַטן און שיסן פון עראָפּלאַנען.

ביז 15 נאָיאַבר האָבן מיר געפירט אַ וואַנדערלעבן, זיך אַריבערקלייבנדיק אַלע צוויי דריי טעג פון איין חרובן דאָרף אין צווייטן. דאָס רוב פלעגן מיר שטיין אין דאָרף נאַוואַטיטשען. דאָס איז געווען אַ חרובער דאָרף, אין וועלכן עס איז איבערגעבליבן נאָר איין גאַנצע שטוב מיט אייניקע אַנדערע געביידעס. איך פלעג שלאָפן מיט אַ מאַן פופצען אָפיצערן אין אַ קליינעם צימער. מען פלעגט ליגן אויפן אויוון, אונטערן טיש און אויפן טיש, אונטער די בייניק און אויף זיי. אַ גאַנצע נאַכט פלעגט זיך די טיר נישט פאַרמאַכן. פעכאָטנע אָפיצערן פלעגן אָנקומען באַנאַכט און וועלן אַריינגיין זיך אָנוואַרימען, אָבער אַ קוק טוענדיק מיטן עלעקטרישן לעמפּל, אַז מיר ליגן דאָ ווי הערינג אין אַ טון, פלעגן זיי פאַרלירן יעדע האָפענונג אויף אַ וואַרעמען נאַכט-ווינקל. די סאָלדאַטן האָבן אַפילו ניט געטראַכט וועגן שטוב-וואַרעמקייט. זיי פלעגן אויסגראָבן אין דער ערד אַ גרוב, מאַכן דאָרט אַ פייערל, קאָכן טיי און זיך וואַרעמען. ווען מיר פלעגן אינדערפרי אַרויסגיין אין דרויסן, פלעגן מיר זען, אַז דאָ אָדער דאָרטן ווערן ביסלעכווייז פאַרשוואונדן בנינים. דאָס האָבן די סאָלדאַטן איבערנאַכט זיי צונומען אויף האָלץ.

דער איינפאַכער זעלנער, וועלכער האָט פיל געהאַט דורכגעמאַכט און שוין ניט געהאָפט אויף וועלכן עס איז אופן זיך אַרויסצודרייען פון דעם שווערן לעבן, האָט גלייכגילטיק אויף אַלץ געקוקט: זאָל שוין זיין וואָס עס וועט זיין, עס איז ניטאָ מער וואָס צוצולייגן. עס פלעגן פייפן די קוילן, טראַסקענען די מאַשין-געווערן, זיך רייסן סנאַריאַדן, און דער גרויער זעלנער פלעגט זיך געלאַסן אַרומגיין איבער דעם געביט פון טויט, זיך גאָרניט אַרומקוקנדיק, וואָס אַרום אים טוט זיך. צו אַזאַ קאַלטבלוטיקייט האָט אים געבראַכט די געוואוינהייט און דער פולקומער יאוש בנוגע זיין לעבן און צוקונפט. דער ניי-אָנגעקומענער סאָלדאַט פלעגט אין קעגנטייל זיין זייער נערוויז, און זיך אַלע ווילע אַרומקוקן אַרום זיך.

אויף דער פיינטלעכער זייט פלעגט שטענדיק הייַנגען אַ לייכגלעכער באַלאָן, אין וועלכן עס פלעגן

זיצן די באָבאַכטער. די רוסן פלעגן עס רופן „די קאַלבאַסן", ווייל דאָס האָט געהאַט די פאָרם פון אַ שטיק וואורשט. דעם ניט־צוגעוואוינטן סאָלדאַט פלעגט זיך דוכטן, אַז מען קוקט גלייך אַף אים, אַז די פּראָזשעקטאָרן זיינען געריכטעט אַף אים, און אַז אויך פון די אַעראָפּלאַנען קוקט מען און מען צילעוועט זיך נאָר אַף אים.

די דערפער, אין וועלכע מיר זיינען געשטאַנען זיינען געווען פול מיט גרויסע גריבער, וועלכע עס האָבן געמאַכט דעם שונאס שווערע האַרמאַטן. עס זיינען געווען אַבערגלויביקע, וועלכע פלעגן צורעדן באַ אַ שיסעריי אַריינצוקריכן אין די גריבער, גלויבנדיק, אַז אין די זעלבע גרוב קען נאָכאַמאָל קיין סנאַריאַד ניט טרעפן.

איך האָב ווידער באַקומען אַ באַפעל אַף אַ קורצער צייט צו פאַרטרעטן די שטעל פון עלטערן דאָקטאָר אין וואָלגער קאַזאַקן־פּאָלק. דער פּאָלק האָט זיך אויסגעצייכנט אין אונזער דיוויזיע מיט רויבערייען און פּליטדערונגען. אונזער קאָמאַנדיר איז נישט געווען קיין גרויסער בעל־רחמנות. האָט ער געכאַפּט אַמאָל אַ קאַזאַק באַ אַ רויבעריי, פלעגט ער אים מוסרן, זאָגנדיק, אַז דאָס פּאַסט זיך פאַר אַ קאַזאַק פון וואָלגער פּאָלק, אָבער ניט פאַר מיינעם.

פאַר דער קורצער צייט, וואָס איך בין געווען אין נייעם פּאָלק זיינען קיין באַזונדערע געשעענישן ניט פאָרגעקומען. מיר האָבן געוואוינט אין די חרובע דערפער, אַרומגעריטן אין די פינסטערע נעכט דורך די בלאָטיקע וועגן און טאָג און נאַכט זיך געגריסט מיטן שונא דורך האַרמאַטן־שיסעריי. פיל קאַזאַקן האָבן געהאַט פאַרשיכורטע פּנימער, אָבער צו רויבן איז דאָ קיין געלעגנהייט נישט געווען, און די קריסטן זיינען געווען זייער אָרעם. איך האָב נאָר באַמערקט באַ איינינקע קאַזאַקן אַלטע טליתים אונטער די זאָטלען.

אין נאָיאַבער־מאָנאַט איז געקומען אַ באַפעל, אַז אונזער דיוויזיע זאָל אַריבערגיין אין בוקאָווינע. דעם פופצנטן נאָיאַבער האָבן מיר אָנגעהויבן צו פאַרלאָזן די מיט־בלוט־אָנגעזאַפּטע פעלדער פון גאַליציע און זיך באַוועגן צו מזרח. באַ ניין חדשים האָבן מיר זיך אַרומגעוואַלגערט אין גאַליציע. פיל בלוטיקע טעג, פיל שלאָפלאָזע נעכט, האָבן מיר דאָ פאַרבייגעלאָזן. פיל שוידערלעכע בילדער זיינען דאָ פאַרביי פאַר מיינע אויגן. וויפיל מענטשן האָט דער טויט אַרויסגעריסן פון אונזערע רייען און וויפיל מענטשן זיינען דאָ געפאַלן און פאַרקריפּלט געוואָרן דורך די קוילן און שווערדן פון אָט דער מחנה אין וועלכע איך געפין זיך. מוטערס, קינדער און אַלמנות פאַרגיסן איצט ביטערע טרערן איבער די קרבנות, וועלכע זיינען טאָג־טעגלעך געבראַכט געוואָרן אַף די בערג און אין די



# ס'שמעקט מיט פּולווער

### בלעטלאַך פון אַ לעבן פון ד. טשאַרני

17־טער יולי, 1914, תשעה באָב.

דער טאָג איז אַ הייסער, אַ פאַרמעטענער. אַפילו די זון באַוועגט זיך לאַנגזאַם און פּאַוואָליע, ווי אַ פרוי אינם ביינטן חודש. די טייך (בערעזינאַ) זעט אויס, ווי עס וואָלט איר געטריקנט דער גומען. דער וואַלד איז גרייט, דוכט זיך, יעדע רגע אַוועקצוגיין מיטן פייער, ווי עמיצער וואָלט אים געוועזן באַגאָסן מיט בענזין... אָבער דער וואַלד איז היינט איבערפילט מיט מענטשן. „גאַנץ באָברויסק" איז זיך אָנגעלאָפן קיין דאָמינאָווע אָפּריכטן תשעה באב. יונג און אַלט, קינד און קייט האָבן זיך אַרויסגעשאָטן אין וואַלד אַריין. עס איז איינג און דושנע, ווי אין אַ באָד, וואָס ווערט געהייצט נאָר איין מאָל אין דער וואָך. אַלע האַלטן זיך צוזאַמען, באַם ברעג וואַלד איז אַ סכנה אַוועקצוגיין, ווייל עס קען נאָך, זאָגט מען, אויסברעכן אַ געוויטער. מער נישט די פאַרליבטע פּאָרלעך און די חדר־אינגלעך, וואָס זוכן יאַגדעס, פאַררוקן זיך טיפער אין וואַלד אַריין.

אויך איך האָב זיך אין יענעם טאָג געהאַט פאַררוקט עטוואָס טיפער אין וואַלד אַריין, ווייל איך בין געווען דעסטמאָל

שטאַרק פאַרנומען מיטן שלייפן לערמאָנטאָווס „קינזשאַל“.

עס איז געווען ערב דעם הונדערטיאָריקן יובילײ פון לערמאָנטאָווס געבורט. ש. ניגער האָט געגרייט פאַר דעם זשורנאַל „די אידישע וועלט“ אַ גרעסערן לערמאָנטאָוו־אַרטיקל. האָט ער באַשטעלט בײ מיר אײניקע לידער לערמאָנטאָווס, וועלכע זאָלן אילוסטרירן זײן אַרטיקל. עס איז, אַגב, געווען בײ מיר די ערשטע און אײנציקע (ביז צום הײנטיקן טאָג) ליטעראַרישע באַשטעלונג, וואָס ניגער האָט ווען געהאַט געמאַכט בײ מיר. האָב איך זיך אַ נעם געטאָן צו איבערזעצן די עטלעכע קלאַסיש־געוואָרענע לידער לערמאָנטאָווס („אַנגעל“, „מאָליטוואַ“), צווישן זײ אויך — „קינזשאַל“.

„ליובליו טעביאַ קינזשאַל
בולאַטני —
„איך ליב דיך מײן קינזשאַל, מײן
קאַלטער חבר,
ס'האָט אַ גרוזין אַף ראַכע דיך —
פאַרטראַכט —
געשמידט און עס האָט דיך אַ
טשערקעס אַ בראַווער
געשאַרפט זיך גרײטנדיק צו גײן
אין שלאַכט“,
און אַזוי ווײטער.

אָבער דער סוף פונם ליד האָט מיך ניט געהאַט באַפרידיקט. דער סוף פונם „קינזשאַל“ האָט זיך פאַרענדיקט אָט ווי:
„דו וועסט מיר פאַר אַ ליבע־מישכן
דינען שטום
און וועסט מיר, וואַנדערער, אַ גוטן
בײשפּיל ווײזן:
אויך איך וועל קײנמאָל זשאַווערן
און אומעטום
פאַרבלײבן האַרט, ווי דו, מײן
פרײנט פון אײזן“.

איך האָב אָבער געוואוסט, אַז אַ קינזשאַל ווערט בטבע „געשמידט“ פון שטאָל און נישט פון אײזן. אַ ריפמע צו שטאָל וואָלט איך פאַרשטײט זיך, געקאָנט לײכט געפינען, אָבער דאַן וואָלט געליטן דער ריטם פון ליד, ווײל שטאָל איז אײנזילביק און אײזן — צווײזילביק. איז אָט צוליב דעם האָב איך אין יענעם היסטאָרישן טאָג (ווען עס איז געווען

טאָלן פון קאַרפאַטן, אַף די פעלדער און אין די טײכן פון גאַליציען. און וואו איז נאָך דער סוף? נאָך מיט אַ שטאַרקערן טעמפּאָ אַרבעטן די פאַבריקן פון קריגס־מכשירים, נאָך שטאַרקער רױשן די מאָטאָרן, נאָך פאַרביטערטער קעמפן בײדע צדדים. נאָך אַלץ גרעסערע מענטשן־מאַסן ווערן טאָגטעגלעך אַרײנגעוואָרפן אין די קעמפנדיקע רײען, און זײ צו פאַרניכטן ווערן אַלץ מער צוגעפירט קריגס־מכשירים. און וואָס פאַר אַ נסיונות דערוואַרטן אונז איצט אין בוקאָווינע? איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די בוקאָווינער וועגן, דורך וועלכע מיר האָבן מיט אַ קנאַפּן יאָר צוריק געיאָגט דעם שונא און נאָכדעם אַלײן געלאָפן, זײנען איצט שטאַרק באַפעסטיקט און באַלאַגערט מיט גרויסע באַוואָפנטע כוחות. און אַז דאָרטן האָגלט איצט מיט קוילן ניט ווײניקער ווי אין גאַליציען.
דערפער מיט ווײסע באַקאַלכטע הײזלעך, דערפער מיט פאַרברענטע ווענט, מיט שוואַרצע, אײנגעפאַלענע קוימענס זײנען געבליבן הינטער אונז. פעלדער צואַקערט פון גראַנאַטן האָבן זיך דורכגעמישט מיט צוטראָטענע קוקורוזע־פעלדער, הינטערן דאָרף האָט אַ טײכל זיגזאַג־אַרטיק דורכגעבראָכן די בערגיקע געגנט. און ניט ווײט פון טײכל אַף אַ גלײכן הויכן אָרט האָבן אַ גרויסע צאָל נײע ניטבאַפאַרבענע, נאָר מיט אַ בלײשטיפט פאַרשריבענע צלמים אַרויסגעשטאַרצט פון די נאָך מיט שיטערן גראָז באַוואַקסענע קברים. דאָ האָבן גערוט די בײנער פון יענע מענטשן, וועלכע זײנען אַהער געבראַכט געוואָרן אַוועקצולײגן זײערע קעפּ פאַרן רוסישן זעלבסטהערשער אָדער פאַר די דונאַאישע מאָנאַרכיע, מענטשן אָרימע און רײכע, גליקלעכע און אומגליקלעכע, געבילדעטע און עם־הארצים, מענטשן פון ווײטן קאַלטן סיביר, פון דער גרויסער וואָלגאַ, פון בערגיקן קאַווקאַז, פון פוילן, ליטע און אַנדערע ערטער פון גרויסן רוסלאַנד זײנען געלעגן דאָ אין זײער אײביקער רו. דאָ האָבן זיך אויך דורכגעמישט קברים פון עסטרײכישע זעלנער, וועלכע זײנען באַשטאַנען פון אַ גרייסן געמיש פון פעלקער און ראַסן, אײנוואוינער פון בערג און טאָלן, פון וועלדער און ווײטיקע געגנטן. דער ווײטערער וועג איז אויך געווען פאַרזײט מיט אײנצעלנע קברים, וועלכע האָבן ווי וועג־ווײזער אָנגעצײכנט די שטרעקעס, דורך וועלכע עס האָט זיך געצויגן דער בלוטיקער שליאַך. פאַרבײרײטנדיק אַזאַ אײנזאַמען קבר האָב איך מיר אַ טראַכט געטאָן, ווער ווײס, וועמען דער בערגעלע ערד באַדעקט דאָ, פון וועלכע ווײטע רוסישע מקומות שטאַמט דער מלחמה־קרבן.
וואָס פאַר אַ טויט האָט געמאַכט אַ סוף צו זײן שווערן אומגליקלעכן לעבן, צי צושמעטערטע פון

אַ גראַנאַטע זיינען צוריסענע גלידער דאָ באַגראָבן געוואָרן, צי אַ שראַפּנעל האָט זיין קערפּער ווי אַ זיפּ דורכגעלעכערט, צי איז זיין ברוסט דורכגעשטאָכן געוואָרן דורך אַ בלאַנקען שטאָלענעם שווערד אָדער אפשר איז זיין הארץ דורכגעלעכערט געוואָרן דורך אַ צופעליק-פאַרביילויפנדן קויל? נאָך אַ פּאָר יאָר און דער רעגן וועט דעם קוים דורכלעזבאַרן אויפשריפט אָפּוואַשן, דעם אָפּגעפוילטן צלם וועט דער ווינט אַנידערוואַרפן און אַ גראָבהויטיקער פויער וועט מיט זיין סאָכע דעם בערגל אַראָפּטראָגן און אָפּמעקן דעם בלוטיקן צייכן פון אַ קרבן פון גרויזאַמען קריג. אָדער אפשר וועט דער בערגעלע נאָך יאָרנלאַנג דעם אָרט באַצייכענען, דאָרפישע פויערים וועלן אַרום אים לעגענדעס וועבן און אין דער נאַכט-פינסטערניש וועט ער אַ מורא וואַרפן אַף די פאַרבייגייענדיקע דאָרפישע קינדער און אַבערגלויביקע פרויען. ווער ווייס, אויב זיינע קרובים ווייסן שוין פון דעם פאַמיליען-אומגליק, אויב ער האָט נאָך אַ מאַמען, ווי גליקלעך וואָלט זי געווען, ווען אַ נידערשלאָגענע דורך איר גרויסן צער וואָלט זי זיך געקאָנט וואַרפן אַף דעם קבר, אים אַרומקלאַמען און באַגיסן מיט אירע הייליקע טרערן.

ניט ווייט פון רוסישן גרעניץ האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין אַ דאָרף באַ אַ רומענישן לערער. דער לערער האָט געהאַט צוויי שיינע טעכטער, וועלכע האָבן זייער נושא חן געווען באַם קאָמאַנדיר און אָפיצערן. מען האָט איינגעלאַדן די באַלעבאַטים צו מיטיק, און מען האָט זיי אַוועקגעזעצט אויבן-אָן. באַם טיש האָט מען געהאַלטן פאַטריאָטישע רעדעס, און אונטערגעשטריכן די הויכע צילן פון קריג, וועלכער וועט מיט גאָטס הילף ברענגען צו אַ פאַראייניקונג פון אַלע רוסן אונטער די מעכטיקע פליגלען פון פּראַוואָסלאַוונעם צאַר. דער לערער האָט אונז געוואונטשן, אַז אונזער זיגרייכע געווער זאָל אינגיכן ברענגען אַלע רומענער אַ פולקומע באַפרייאונג, און אַז אין דער צוקונפט זאָל איבער זיי ניט הערשן ניט דער ליאַך און ניט דער זשיד. עס האָט זיך געפילט אַ נאָענטע קרובהשאַפט צווישן דער רומענער פאַמיליע מיט די קאַזאַקן. מען האָט געשמאַק געגעסן און וואַרים זיך אונטערהאַלטן. מיר האָט די רעדע פון לערער פאַרדאָרבן די שטימונג. אַלעמען שטייט דער איד ווי אַ ביין אין האַלז. האַכט זיך, אַף וויפיל איך האָב זיך באַקענט מיט דער לאַגע פון דער באַפעלקערונג אין גאַליציען, זיינען אַלע געווען גלייכבאַרעכטיקט. אַלע האָבן געקאָנט געברויכן זייער אייגענע שפּראַך, אומגעשטערט לערנען, דערוואַרבן גיטער, פאַרנעמען רעגירונגס-פאָסטנס, אָבער וויבאַלד מען האָט די אידן נישט געקאָנט טרעטן מיט די פיס, האָט



אויסגעבראָכן די וועלט-מלחמה) זיך געהאַט פאַרטיפט אין איינעם אַ גוט-באַשאָטעגטן וואַלד-ווינקל מיט מיין „שטאָל“ און „אייזן“...

אַזוי אַרום האָב איך גאָרנישט געהאַט באַמערקט, ווי עס איז אויסגערונען פלוציים דער גאַנצער וואַלד מיט מענטשן, פונקט ס'וואָלט טאַקע געווען אויסגעראָכן אַ געוויטער אָדער דער וואַלד וואָלט טאַקע אָנגעהויבן ברענען פון אַלע פיר זייטן. עס איז אָבער נישט געווען קיין געוויטער און נישט קיין שרפה. ס'איז געווען הענדל-אַבע (דער גלגול פון „טביה דער מילכיקער“), וועלכער האָט זיך געהאַט יענעם טאָג אומגעקערט פון באָברויסק קיין דאָמינאָווע מיט אַ פּאָר שעה פריער, ווי געוויינלעך.

ער האָט זיך געאיילט אַהיים מיט דער טשיקאַווער בשורה צו זיינע דאַטשניקעס, אַז איבער גאַנץ באָברויסק זיינען צוקלעפּט געוואָרן רויטע צעטלען וועגן מאָביליזאַציע.

ער, הענדל-אַבע, וועלנדיק באַרואיקן דעם צוטומלטן עולם דאַטשניקעס, האָט געהאַלטן אין איין טענהן, אַז די גאַנצע מאָביליזאַציע איז נישט ווערט קיין קינדערשפּיל.

— ס'וועט קיין דראָט נישט קלעקן, עס וועט פּראָסט און פּשוט ביי פּאָניע-קוואַס קיין דראָט נישט קלעקן — האָט שוין הענדל-אַבע אַף זיין אייגענעם שטייגער אָנגעהויבן מסביר זיין די צוטומלטע ווייבער זיין „סטראַטעגיע“.

— וואָס פאַר אַ דראָט? — זיינען אים די ווייבער אַריינגעפאַלן אין געשפּרעך.

— שלאָגט-זשע נישט איבער — האָט הענדל-אַבע וואַזשנע אָנגעהויבן — אָט דאָס טאַקע וויל איך אייך דערציילן, אַז אַנומלטן קומט אַף דער פּאָטשט איינער אַ מוזשיק און ער פרעגט דעם טשינאָווניק, פרעגט ער, צי סע וועט קלעקן ביי אים דראָט פאַר אַ דעפּעשע אַזש קיין אירקוטסק. ער האָט אַ זון אין אירקוטסק, האָט ער, וואָס דינט אין סאָלדאַטן — וויל ער אים קלאַפּן אַ דעפּעש, נאָר ער האָט אַלץ מורא, דער מוזשיק, אַז סע וועט ביי דעם טשינאָווניק קיין דראָט נישט קלעקן...

— איז וואָס-זשע האָט עס פאַר אַ שייכות צו דער מאָביליזאַציע? —

זיינען אים די צומומלטע ווייבער ווידער אַמאָל אַריינגעפאַלן אין די רייד.

— אָט דאָס זאָג איך דאָך, אַז וויבאַלד פאַניע־קוואַס גייט מלחמה האַלטן מיט יעקע־דייטש — איז דאָך קלאָר, אַז ביי פאַניע־קוואַס וועט קיין דראָט נישט קלעקן...

די נייגעריקע ווייבער זיינען פאַרבליבן נישט גאָר באַפרידיקט פון הענדל־אַבעס „סטראַטעגיע" און זיי האָבן אָנגעהויבן וואַרטן אַף קלאָרערע ידיעות פון זייערע מענער אין באָברויסק.

אָבער אויך די „מענער" פון באָברויסק האָבן זיך צוערשט געהאַט באַצויגן צו דער ערשטער מאָביליזאַציע מיט דעמזעלבן בטול, ווי הענדל־אַבע.

— ס'וועט לאַנג נישט דויערן — פלעגט מען זיך טרייסטן פון אַלע זייטן. — ביי דער היינטיקער טעכניק קאָן אַ מלחמה לאַנג נישט דויערן. העכסטנס צוויי־דריי חדשים!

און אַלע האָבן זיך געוואונטשן, אַז רוסלאַנד זאָל היינטיקן מאָל כאַפּן פון יעקע־דייטש אַזאַ מין מפּלה, אַז זי זאָל צו תחית־המתים נישט אויפשטיין.

— גרישקע (ראַספּוטין) האָט עס כשר פאַרדינט — האָבן שוין באָברויסקער אידן איבערגעשריבן רוסלאַנד פון ניקאָלאַיס נאָמען אַף ראַספּוטינס.

אָבער אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיך אויך פראַנקרייך און ענגלאַנד אַריינגעמישט. רוסלאַנד האָט זיך דערשפּירט תקיפער. זשאָרעס — דעם פראַנצויזישן אַנטי־מיליטאַריסט — האָט מען תיכף אָפּגערוימט פון וועג, אייראָפּע האָט אָנגעהויבן ברענען פון אַלע זייטן.

באָברויסקער אידן האָבן דערזען, ווי פון אַלע טראַקטן ציען זיך מאָביליזירטע פויערים צו די קאָמיסיעס, ווי טשערעדעס אָקסן אַפּן יאַריד, אונטערוועגס שכורן זיי זיך אָן, די מאָביליזירטע און ברעכן שויבן אידישע. האָבן באָברויסקער אידן באַלד אָפּגערופן זייערע ווייבער און קינדער פון דאָמינאָווע צוריק קיין באָברויסק, ווייל די אידישע קאָלאָניע דאָמינאָווע האָט נישט געהאַט קיין שום שוץ קעגן די פאַרשכורטע מאָביליזירטע, וואָס פלעגן קוקן מיט קנאה אַף די באַשיינדערלטע דעכער פון דעם „זשידאָווסקן" דערפל.

דאָס געהייסן, אַז אידן הערשן. נאָכמיטיק איז אַוועקגעגאַנגען אַ סדרה פון טענץ און מען האָט געזונגען אַ לידעלע, ווי דער קאָזאַק רייט אַוועק און די מיידל וויינט. די אָפיצערן זיינען אַריין אין קוראַזש און טאַנצנדיק מיט די מיידלעך האָט מען געשאָסן אין פאלאפ און אין די דילן, אַנדערע האָבן ווידער טאַנצנדיק געפּאָכן מיט די קינזשאַלן. ניט קוקנדיק אַף די שיינע געזעלשאַפט זיינען מיר ווייטער געריטן.

מיט אַ העלדישן, מעכטיקן רוסישן געזאַנג האָט זיך ווייטער באַוועגט דער פּאָלק. סאָטניע נאָך סאָטניע האָט זיך געריקט די צוזאַמענגעשלאָסענע מענטשן־מאַסע. קאָזאַקן מיט בלויזע שווערדן האָבן אין אַן אָנגעשטריינגטע פּאָזע באַוואַכט די פאָן פון פּאָלק און דעם געלט־קאַסטן. רייטער אָנגעטאָן אין ראָמאַנאָווסקע פּעלצן זיינען ווי פאַרגליווערטע געזעסן אַף זייערע פערד און אַ וואַלד פון הילצערנע פּיקעס מיט שטאָלענע שפּיצן האָבן דורכגעשניטן דעם נאַקעטן וועג.

דורכרייטנדיק דעם גרעניץ צווישן רוסלאַנד און גאַליציען, האָט זיך אין די אויגן געוואָרפן דער בולטער אונטערשייד פון מזרח און מערב. די פאַרברענטע און טיילוויז צושטערטע עסטרייכישע שטאָט גוסיאַטין האָט מיט אירע ברייטע גאַסן, די סקעלעטן פון געוועזענע שיינע מויערן מיט טיילוויז גאַנץ־געבליבענע שיינע גאָלדענע שילדן אַף די ווענט, דערמאָנט איר אַמאָליקע פּראַכט. אין קעגנטייל האָבן אין רוסישן גאַנץ־געבליבענעם גוסיאַטין אָרים און עלנט אויסגעזען די גאַסן. די הייזלעך האַלב־איינגעזונקענע אין דער ערד האָבן זיך געבאָדן אין זייער שמוץ. אַלט־צודרייטע שטעלכעלעך האָבן מיטהאַרמאָנירט מיט זייער שפלדיקן צושטאַנד.

דעם 21. נאָיאַבר זיינען מיר מיט מוזיק דורכגעריטן קאַמענעץ־פּאָדאָלסק. איך בין אַף אַ שיינעם פערד געריטן פאָראויס צוזאַמען מיטן שטאַב און אין דעם מאָמענט האָב איך זיך געפילט ווי אַ העלד, פאַרגעסנדיק אָן אַלע פריערדיקע צרות.

דעם 24־טן נאָיאַבר זיינען מיר אָנגעקומען אין די רוסישע נאָוואָסעליצע, און מיר זיינען שוין געווען אין דעם געגנט ביז דעם באַרימטן דורכברוך פון ברוסילאָווס אַרמייען. איינציקע וואָכן צייט זיינען מיר אַרומגעטריבן געוואָרן איבער נאָוואָסעליצער געגנט. מען האָט אַלץ געהאָפט, אַז דאָ וועט געשאַפן ווערן אַרבעט פאַר די רייטער. פון אַ באַרג לעבן אַ דאָרף האָב איך פון אַ בינאָקל צוגעקוקט די בלוטיקע פּאַנאָראַמע. אַף אַ לאַנגן שטח האָבן אָן אַן אויפהער געבליצט און געדונערט די האַרמאַטן. זיילן עשן האָבן זיך מיט אַ געהילך געהויבן צום הימל. אַ דאָרף מיט אַ רייטע צערקווע, וועלכער

האָט געהאַט דעם טרויעריקן מזל זיך צו געפינען צווישן די קעמפנדיקע אַרמייען, איז געווען איינגעהילט אין פייער און רויך. די סאָלדאַטן, וועלכע זיינען געזעסן אין די אָקאָפּעס זיינען פאַרשאָטן געוואָרן מיט ערד, פאַרשליידערט געוואָרן מיט שטיקער האָלץ, און צוריסן געוואָרן דורך שטיקלעך פון די גראַנאַטן, וועלכע האָבן זיך מיט אַ גוואַלדיקן רוגזא קנאַלנדיק געשפּאָלטן אַף שטיקלעך. פון דעם גיהנום, וואו מען קאָן נאָך געפינען אַ שוץ בא אַ גאַנץ־געבליבענע ווענטל פון גראָבן האָט אַ באַפעל פון אַן אָפיצער זיי אַרויסגעטריבן נאָך אין אַ גרעסערן גיהנום אַפן אָפענעם פלאַץ, כדי דאָרטן מיטן באַיאָנעט און האַנטגראַנאַט זיך צו טרעפן פנים אל פנים מיט זיין קעגנער, וועלכער ווערט אויך אַזוי אומברחמנותדיק געטריבן צום טויט אַזוי ווי ער. דאָ האָבן מענטשן געקעמפט פאַר יעדער הייזל און פאַרגאָסן בלוט פאַר יעדן טריט. עטלעכע טעג צייט זיינען אַף דעם אָרט געבראַכט געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס קרבנות, די ערד האָט זיך זאַט אָנגעזאַפּט מיט מענטשן־בלוט. עס זיינען אויסגעוואַקסן נייע ברידער־קברים, וואו דער טויט האָט אַף אייביק שלום געמאַכט צווישן געוועזענע קעגנער. די לאַזאַרעטן זיינען פול געוואָרן מיט פאַרוואונדעטע, וועלכע האָבן מיט זייער קרעכצן אַריינגעבראַכט צווישן די אומעטיקע ווענט פון די קראַנקען־הייזער נייע ליידן און פּיין. די קעגנער זיינען געבליבן שטיין אַף זייערע פּלעצער, נישט קענענדיק איינער דעם צווייטן אַ ריר טאָן פון אָרט. עס האָט זיך ווידער באַרואיקט און מיר זיינען אַוועק צוריק אין נאָוואָסעליצע. אונזער פּאָלק האָט זיך איינגעקוואַרטירט אין די איינגע שמוציקע שטיבעלעך פון די בעסאַראַבער פּויערים. דאָרטן זיינען שוין געווען נעסטן פון פלעק־ און ריקפאַל־טיפוס, און טאַקע באַלד האָבן זיך בא אונז באַוויזן טיפוס־קראַנקע קאַזאַקן. איך האָב צום ערשטן מאָל געזען פלעק־טיפוס. אונזערע קאַזאַקן האָבן עס לייכט אַריבערגעטראָגן.

אין נאָוואָסעליצע פלעג איך זיך עפּטערס דורכשמועסן מיט די אָרטיקע אידן. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז דעם פאַרגאַנגענעם זומער איז זייער שטעטל אַף עטלעכע טעג פאַרנומען געווען פון עסטרייכישן מיליטער. די עסטרייכער זיינען אַריין אין שטעטל גראָד שבועות. די פערד און די אויטאָמאָבילן זיינען געווען באַפּוצט מיט בלומען. דאָס מיליטער איז געווען זייער פריינטלעך צו די איינוואוינער, און זיי האָבן קיינעם, קיין שאָדן און קיין שלעכטס נישט געטאָן. די אידישע קליינע קינדער זיינען אַרומגעפאָרן אין די אויטאָמאָבילן, און האָבן קיין מורא ניט געהאַט פאַר די שונאים, אינדערצייט, ווי פאַר די אַזוי־גערופענע אייגענע האָט מען

אויך איך האָב זיך געהאַט אומגעקערט צוריק קיין באָברויסק מיט מיין נאָך נישט געניג־אָפּגעשלייפטן „קינזשאַל“ לערמאָנטאָוום, וואַרטנדיק צוגלייך מיט אַלע אַנדערע אַף דעם גיכן סוף פון דער מלחמה און, דער עיקר — אַף רוסלאַנדס מפּלה...

ערשט שפּעטער אַביסל, ווען אין באָברויסק האָבן זיך געהאַט „ציימוויליק“ אָפּגעזעצט אייניקע פאַרטרעטער פון דער ראַדיקאַלער אידישער אינטעליגענץ און פון דער מאָדערנער אידישער ליטעראַטור — ערשט רעכנסטמאָל האָבן מיר זיך געהאַט אַרומגעזען, אַז ווי באַלד די דעמאָקראַטישע פראַנקרייך און ענגלאַנד זיינען אינאיינעם מיט רוסלאַנד אַרויס אין קאַמף קעגן דעם דייטשן יונקערטום — טאָר מען מער נישט בעטן אַף רוסלאַנדס מפּלה.

אדרבא, ווען די אַנטאַנט (רוסלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד) וועלן האָבן געזיגט — וועט רוסלאַנד זיכער מוזן נאָכדעם דעמאָקראַטיזירט ווערן און זי וועט שוין מוזן געבן געוויסע פרייהייטן אויך אַפילו צו די אידן.

אָנשטעקנדיק זיך מיט אָט די דאָזיקע נייע שטימונגען און ריכטונגען צווישן דער ראַדיקאַלער אידישער אינטעליגענץ — האָב איך אָנגעשריבן אַ ליד אַזאַ, וואָס איז געווען, אמת, מער באַהעמיש איידער פּאַטריאָטיש, אַ ליד, וואָס האָט אַמשטאַרקסטן אויסגענומען דווקא ביי די „גרינע“ און „ווייסע“ ביילעטניקעס ד. ה. ביי די יעניקע, וועלכע זיינען רעכנסטמאָל נאָך זיכער געווען, אַז די מאָביליזאַציעס וועלן צו זיי קיינמאָל נישט דערגיין...

דאָס ליד האָט זיך געלייענט אָט אַזוי:

„מיך ציט אַזוי צום הייסן שלאַכטפעלד,
ווי ס'ציט אַ שמעטערלינג צום ליכט —
אויך איך וויל קוקן שטאָלץ און מונטער
דעם רויטן טויט גלייך אין געזיכט.

אויך איך וויל איצטער זיך פאַרפלעכטן
אין דעם פאַרבלוטיקטן פעלקער־קנויל
און אין דום־דום פון קוילן־האָגל
הויך גוואַלטעווען מיט פולן מויל.

און זיך איין מאָל כאַפּש פריי דערפילן
פון טויזנט-יעריקן באַלאַסט
און הפקר׳דיקער פון אַ חיה
אַרומשפּרינגען מיט ווילדן האַסט.

דורך קופּעס צאַפּלדיקע קערפּערס
פון מענטשן-וועלף און פערד
און אויך אַליין זיין גרייט פאַרוואונדעט
אַ וואַלגער-מאַן זיך אַף דער ערד.

און פול אין ווייטיקן אַלץ לאַכן
דעם רויטן טויט גלייך אין געזיכט —
מיך ציט אַזוי צום הייסן שלאַכטפעלד,
ווי ס׳ציט אַ שמעטערלינג צום ליכט.״

אַגב, איז דאָס דאָזיקע ליד שפּעטער אַביסל פּובליקירט געוואָרן אינם פּראָ-אַנטאַנטישן וואָכנבלאַט „די וואָך״, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין ווילנע אונטער דער רעדאַקציע פון י. יעפּרויקין, ש. ניגער, ז. קאַלמאַנאָוויטש און נחום שטיף, אָבער דאָס קלאַסישע ליד לערמאָנטאָווס, „דער קינזשאַל״, וואָס פיגורירט אין אַלע רוסישע כרעסטאָמאַטיעס און אין אַלע רוסישע שול-ביכער און וואָס איך האָב פאַראידישט צום הונדערט-יעריקן געבורטסטאָג לערמאָנטאָווס ספּעציעל פאַר דעם זשורנאַל „די אידישע וועלט״ — איז ניט דערגאַנגען צו די לעזער, ווייל דער ווילנער צענזאָר האָט עס דורכגעשטראָכן מיט רויטן טינט.

— מלחמה-צייט — האָט דער צענזאָר געטענהט — טאָר מען ניט דרוקן קיין לידער וועגן קינזשאַלן, וואָס גרוזינער שמידן זיי, טשערקעסן שלייפן זיי און, שדים ווייסן וואָס נאָך.

— ס׳איז דאָך אָבער לערמאָנטאָווס אַ ליד! — האָט מען זיך פון דער רעדאַקציע פּרובירט איינשטעלן.

— מאַג עס אַפילו זיין פּושקינס — האָט זיך דער צענזאָר פאַרעקשנט.

אַזוי אַרום האָב איך אומזיסט געהאַט געהאָרעוועט אין דאָמינאָווע אַף לערמאָנטאָווס „קינזשאַל״, און עס האָט מיך שוין אַפילו אָנגעהויבן פאַרדריסן אַף מיין „פּאַטריאָטיש״ ליד אין דער „וואָך״...

געצימערט פון דערהווייטנס. די אידן אין עסטרייך האָבן געלעבט גליקלעך און פון קיינע רדיפות האָבן זיי ניט געוואוסט. אין בוקאָווינע זיינען געווען אַסך אידישע גוטסבאַזיצער, באַרימטע אַדוואָקאַטן און דאָקטוירים, אינזשעניערן און אָפיצערן.

מיר פלעגן זיך טרעפן מיט די קאַווקאַזער ווילדע דיוויזיע.

דער שעף פון דער דיוויזיע איז געווען דער גרויס-פירשט מיכאַאיל. די רייטער זיינען געווען צוזאַמענגעקליבן פון קאַווקאַזער אַלטע תושבים, טאַטאַרן, טשעטשענצעס, קאַבאַרדינצעס און אַנדערע. דאָס זיינען געווען פּראַים, וועלכע פלעגן וואַרפן אַן אימה אַף דער באַפעלקערונג, וואו זיי פלעגן זיך נאָר באַווייזן. זיי פלעגן זייער מורא האָבן פאַר אַרטילעריע-פייער. אויסגעצייכנט האָבן זיי זיך אין גנבענען. זיי פלעגן גנבענען פערד ביי אַנדערע מיליטער - טיילן. און ווען מען פלעגט זיי כאַפּן, פלעגן זיי זיך פאַרענטפערן מיט די ווערטער: „איך בין אַ קאַזיאַנער, דו ביזט אַ קאַזיאַנער און דער פערד אַ קאַזיאַנער״. די קאָזאַקן פלעגן זיך לוסטיק מאַכן איבער זיי, נאָכמאַכן זייער אַרט ריידן, שילדערן, ווי זיי האַלטן זיך, ווען אין דער נאָענטן צערייסט זיך אַ גראַנאַט, און דערציילן וועגן זיי פאַרשיידנסטע אַנעקדאָטן.

גלייכצייטיק מיט אונזער אָנקומען האָבן מיר געקראָגן גרויסאַרטיקע געסט פון פּעטערבורג. מען האָט צוקאָמאַנדירט צו אונזער פּאָלק די ערשטע קובאַנער לייב - גוואַרדיע - סאָטניע, אַ יחוסדיקע סאָטניע פון ניקאָלאַי דעם צווייטנס פּערזענלעכן קאָנוואָי. דעם קייזערס פּערזענלעכער קאָנוואָי איז באַשטאַנען פון פיר קאָזאַקישע לייב - גוואַרדייאַישע סאָטניעס. צוויי סאָטניעס קובאַנער, און צוויי סאָטניעס טערעקער קאָזאַקן - גוואַרדיע. די סאָטניעס האָבן געהאַלטן די וואַך ביים קייזערלעכן הויף און האָבן ניקאָלאַיען באַגלייט באַ זיינע רייזעס. די קאָזאַקן זיינען געווען געקליבענע שיינע יונגען, שיין געקליידעט און זיינען געריטן אַף פולבלוטיקע פערד. די אָפיצערן האָבן זיך מיט זייער אויסערלעכקייט ניט אויסגעצייכנט, אָבער זיי זיינען געווען מענטשן מיט בעסערע מאַנירן און האָבן געטראָגן וואונדערבאַר שיינע קליידער. דער קאָמאַנדיר פון דער סאָטניע איז געווען אַ גוואַרדיע-פּאָלקאָווניק — אַ פליגל - אַדיוטאַנט פון זיין מאַיעסטעט. געקומען זיינען זיי אַפן פראָנט צוליב דעם, ווייל ניקאָלאַי אַליין איז געווען אין סטאַווקע און די אָפיצערן מיט די קאָזאַקן האָבן זיך פּשוט געשעמט ניט צו האָבן קיין קרייצן, אין דער צייט, ווי באַ אַ פולע קריגס - אַנטיילנעמער איז די ברוסט געווען באַהאַנגען מיט זיי. מיר האָבן זיך זייער

געיחוסט מיט דער סאָטניע. און מיר האָבן זיך גע־
מיט זיי צופרידנצושטעלן. אזוי ווי איך בין געווען
דער בעל־הבית פון דער אָפיצערסקער סאָבראַניע,
האָב איך שטאַרק געזאָרגט דערפאַר, אַז זיי זאָלן
זיין צופרידן מיטן עסן. זיי זיינען געווען גאַנץ אָנ־
גענעמע, ליבע מענטשן, און מיר האָבן זיך מיט
זיי גוט איינגעלעבט. באַלד האָבן אָנגעהויבן אָנצו־
קומען פאַר זיי פון דער קייזערין קאַסטנס מיט
טייערע משקאות אין דעליקאַטעסן. דעם גרעסטן
טייל פון די מתנות פלעגן זיי אָפּגעבן אין מיין
רשות. איך פלעג דאָס אַלץ שפּאַרזאַם פאַרטיילן און
דערמיט האָב איך באַ זיי נושא חן געווען.

צו דער צייט איז דער גענעראַל גאַלאַטשאַפּאָוו
שוין געווען דער דיוויזיע־שעף, און איך פלעג אָן
אים אויך ניט פאַרגעסן, און אים עפּטערס אַריינ־
שיקן גוטע ווײַן מיט קאַווקאַזער איקרע. מיין אופ־
מערקזאַמקייט צו אים האָט אַרויסגערופן פון זיין
זייט אַ גוטע באַציאונג צו מיר. ער פלעגט מיר
בעטן עפּטערס צו אים אַריינקומען, און פלעגט מיר
זייער פריינטלעך אופנעמען. ווען עס איז צו אים
געקומען זיין פרוי און זי איז קראַנק געוואָרן, האָט
ער מיר איינגעלאַדן איר באַהאַנדלען, ניט קוקנדיק
אַף דעם, וואָס אין דיוויזיע זיינען געווען פיל עלטע־
רע דאָקטוירים פון מיר.

אין נאָוואָסעליצע איז צו דער צייט געשטאַנען דער
שטאַב פון דריטן קאַוואַלעריע־קאָרפּוס, צו וועלכן
אונזער דיוויזיע האָט אָנגעהערט. דער קאָרפּוס־קאָ־
מאַנדיר גראַף קעלער איז געווען אַ גענעראַל פון
זייער הויכן וואוקס מיט זייער אַ בייזן פּנים, וועל־
כער האָט אָנגעוואָרפן אַ מורא אַף אַלעמען. ער
האָט זיך זייער שטריינג באַצויגן צו אָפיצערן און
האָט אַרויסגעוויזן פריינטשאַפט צו איינפאַכע סאָל־
דאַטן. ווען ער פלעגט אַמאָל פאָרנדיק אָנטרעפן אַ
פעלדקיך, פלעגט ער הייסן זיך אָפּשטעלן, פאַרזוכן
די זופּ און אממייסטן הייסן דאָ אַף אַן אָרט אַרויס־
גיסן און באַפעלן, אַז מען זאָל באַלד אויסקאָכן בע־
סערע זופּ. צו די קאָזאַקן פלעגט ער זאָגן: „וואַרט
נאָר ביזן זומער, מיר וועלן ווידער אַ שפּאַציר טאָן
איבערן שונאס לאַנד, און איר וועט דאָרטן קענען
עסן הינער". דער גענעראַל קעלער פלעגט אַרויס־
וויזן פערזענלעכע מוט און העלדישקייט. ער
פלעגט אַרומשפּאַצירן איבער די אָקאָפּעס, און ניט
נתפּעל ווערן, וואָס רייסן זיך אים לעבן שראַפּ־
נעלן. אין פרילינג 1916 איז ער טאַקע פאַרוואונדעט
געוואָרן באַ אַזאַ שפּאַציר.

ביז קעלער איז אָנגעקומען אין נאָוואָסעליצע זיינען
נאָך די דערפער ארום פראָנט געווען באַוואוינט
פון פויערים. אָבער חושד זייענדיק די פויערים, אַז
זיי גייען אַריבער דעם רומעניש גרעניץ, און פון
רומעניען גייען זיי ווידער אַריבער צו די עסטרייכ־

## ס'שמעקט מיט פולווער

# אין טיפן הינטערלאַנד

דער ערשטער, וואָס האָט אין באַב־רויסק זיך געהאַט שטאַרק דער־פרייט מיט דער וועלט־מלחמה איז גע־ווען דער אַרויסגעבער פון דעם רוסישן בלעטל.

ס'איז פּלוצים צוגעקומען אַ נייע פּרנסה און דאָס זיינען געווען די עקסטראַ־טע־לעגראַמעס פונם גענעראַל־שטאַב, וועל־כע פלעגן צוכאַפּט ווערן, ווי מצה־וואַ־סער.

אויך דער רעדאַקטאָר פונם בלעטל האָט זיך אָנגעהויבן פילן מעשה מלוכה־מענטש, ווייל יעטווידן טאָג פלעגט ער מוזן אַליין אָנשרייבן (אָדער איבער־דרוקן) אַ הוראַ־פּאַטריאָטישן אַרטיקל פאַרן צאַר און פאָטערלאַנד, פאַרוואָס ער האָט אויסגעפועלט אַ שטיקל הו־ספּהלע אַף זיין חודש־געהאַלט.

אָבער פּאַראַלעל מיט אָט דער געדרוק־טער רוסישער צייטונג — האָט אין באַברויסק אָנגעהויבן צירקולירן אויך נאָך אַ מינדלעכע צייטונג אַף אידיש, אַ צייטונג, וואָס פלעגט ווערן איבערגעגעבן פון מויל צו מויל און וועלכע פלעגט, געוויינלעך, זיין דער היפּוך פון דער גע־דרוקטער צייטונג.

די דאָזיקע מינדלעכע צייטונג פלעגט אין דער פאָרם פון אַנעקדאָטן, וויצן און קלאַנגען געשאַפן ווערן אין דרויסן צווישן די רעדלעד אידן, וואָס פלעגן זיך אַרומפּלאָנטערן אַף די גאַסן גלאַט אַזוי צוליב פריילעכקייט וועגן.

איינער פלעגט דאַרפן אָנהויבן און די אַנדערע פלעגן שוין פאָרזעצן.

—מען זאָגט — פלעגט איינער אַלץ אַריינוואָרפן אין רעדל אַריין — מען זאָגט, אַז דעם דרוקער אונזערן פעלן שוין אויס נולן. ער קען זיך, זאָגט ער, בשום אופן נישט אָננעמען קיין נולן אַף דער צאָל דערהרגעטע און געפאַנגענע דייטשן.

— ס'וועט שוין באַלד, זאָגט מען, זיין אין רוסלאַנד מער דייטשן איידער אין דייטשלאַנד גופא

— שוטה איינער, צו וואָס דאַרף האָבן דייטשלאַנד אַזוי פיל סאָלדאַטן, ווייבאַלד זי אַרבעט דורכאויס מיט טעכניק. שיקט זי טאַקע אַריבער אירע סאָלדאַטן צו

פּאָניע־קוואַס אַף קעסט. „זי“ וועט שוין זען (די קייסערינע), אַז מען זאָל אירע לאַנדסלייט, חלילה, נישט קריוודען.

— ווילהעלם, זאָגט מען, האָט אַ פּאַראַליזירטע האַנט און ביי אונזעריקן איז, נעבעך, דער גאַנצער קאָפּ פּאַראַליזירט.

— און וואָס איז מיט די הענט פון אונזער גענעראַל רענענקאַמף? האָט מען אים זיי שוין אָפּגעהאַקט? ער האָט זיך דאָך געהאַט געשוואָרן, רענענקאַמף, אַז אויב ער פאַרנעמט נישט אין צוויי חדשים אַרום בערלין — זאָל מען אים אָפּהאַקן די ביידע הענט.

— שוטה איינער, ווען מען זאָל אים אָפּהאַקן די ביידע הענט, איז ווי אַזוי וואָלט אים יעקע־דייטש געקענט געבן איבער די הענט?

אָט אַזוי פלעגן באָברויסקער אידן שאַפן טאָג־איין טאָג־אויס זייער מינדלעכע צייטונג, וועלכע פלעגט זיך פאַנאַנדערגיין איבער די הייזער מיט דערזעלבער שנעלקייט, ווי די געדרוקטע עקסטראַ־אויסגאַבן.

מער נישט, איין „יאַנקל די מאַסע“— האָט זיך ניט געקענט אַזוי לייכטזיניק באַציען צו דער מלחמה, ווי די באַלעבאַטישע אידן פון באָברויסק, ווייל לעבנדיק אין די אָרימע הינטער־געסלעך — האָט ער באַלד דערשפּירט, אַז די מלחמה איז אַן אומגליק אַף דער וועלט.

די איינציקע רשעות, וואָס „יאַנקל די מאַסע“ האָט געקענט דעמסטמאָל אָפּטאָן דער מלחמה, איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער פלעגט אין די טעלעגראַמעס פונם גענעראַל־שטאַב, וואָס פלעגן צוקלעפּט ווערן אַף די ווענט, אויסקראַצן בגנבה דעם בוכשטאַב „על“ פונם „גלאַוונאָקאָמאַנדויושטשי“...

שפּעטער אַביסל, ווען ער האָט זיך אָבער געהאַט אָנגעהערט פון דער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ וועגן די גרויסע ישועות, וואָס עס קענען אַרויסשפּרינגען פון דער מלחמה, — דער עיקר ישועות פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס בכלל און פאַר די אידן בפרט — נעמט „יאַנקל

כער און טראָגן זיי אַוועק ידיעות וועגן רוסישן מיליטער, האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אין פאַרלויף פון איינציקע טעג מוזן די אַלע פויערים אַרויספאָרן אין רוסלאַנד. די פויערים האָבן דאָ אויך פאַרזוכט דעם טעם פון אידישע צרות.

דעם זעלבן גראַף קעלער באַשרייבט גענעראַל ברוסילאָוו אין זיינע זכרונות. גראַף קעלער איז געווען פון אַן אויסערגעוויינטלעכן גרויסן וואוקס, אַ גרויסער בעל־גאוה און אַ טיפּש, אָבער אין מאַכן אַ קאַריערע איז ער געווען כיטרע. נאָך זייענדיק אַ קאָמאַנדיר פון אַ גוסאַרסקן פּאָלק, האָט מען אין אים געוואָרפן אַ באָמבע, וועלכע דער גראַף האָט אָנגעכאַפּט מיט זיין האַנט ווי אַ פּילקע און אַף אַזאַ אופן האָט ער זיך געראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט. ער איז געווען פאַרהייראַט מיט אַ סימפּאַטישע פירשטין, אַף וועלכע אַלע האָבן רחמנות געהאַט. איינמאָל האָט מען איר גאַנץ ניט פאַרדינטערהייט באַליידיקט צוליב דער פיינטשאַפט צו איר מאַן.

די אידן פון נאָוואָסעליצע האָבן צו דער צייט געלעבט פאַרהעלטענישמעסיק רואיק און האָבן געמאַכט גוטע געשעפטן. אין געגנט פון נאָוואָסעליצע איז געשטאַנען אַ קאָרפּוס רייטער, פיל פוסגייער־טיילן, לאַזאַרעטן און הערייבער האָבן די קרעמער גוט געלייזט און די פּאָדריאַדטשיקעס האָבן גוט פאַרדינט. דער נאַטשאַלניק פון דער דיוויזיע, גענעראַל גאָלאָטשאַפּאָוו, האָט געוואוינט אין אַ שיינער הויז. די באַלעבאַטים פון הויז, פאַמיליע פּ., האָבן געוואוינט אַפן הויף אין אַן אַנדער הויז. שפּעטער האָט מיר דער גענעראַל באַקאַנט געמאַכט מיט דער פאַמיליע. דער באַלעבאָס איז געווען אַן אָנשטענדיקער אידישער סוחר און האָט געהאַט געבילדעטע קינדער. די עלטסטע טאָכטער ליזאַ איז געווען אַ העכסט אינטעליגענטע און אַנטוויקלטע, געבילדעטע אידישע טאָכטער. זי האָט מיר געשילדערט די מוראדיקע מלחמה־בילדער, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען פאַר זייערע אויגן זינט דעם אָנהויב פון קריג. דורך זייער שטעטל זיינען דורך פאַרשיידענע מינים מיליטער, רוסישע און עסטרייכישע. זיי האָבן זיך גענוג אָנגעהערט האַרמאַטן־דונערן, דאָ זיינען פאַרביי גרויסע טראַנספּאָרטן פון פאַרוואונדעטע. עס זיינען נאָך פריש אין זכרון די שוידערלעכע בילדער פון די ברענענדיקע דערביייאיקע שטעטלעך. גענוג שרעק איבערלעבט, גרעסטנטייל באַם טרעפן זיך מיט רויבדורשטיקע און פון חיהשע געפילן באַהערשטע רוסישע סאָלדאַטן און אָפיצערן. מען האָט געמוזט קענען אַריבערטראָגן פיל באַליידיקונגען, אויסהערן פיל זלזולים און גראָבע אויסדרוקן, און פאַרגעסן אָן דער אייגענער זעלבסטווירדע.

זייער אָפט פלעגן זיך אַפן פראָנט פאַנאַנדערפלאַ־

קערן האַרטנעקיקע קאַמפן און מיר פלעגן פאַרלאָזן אונזערע רואיקע ערטער און זיך איבערקלייבן אין וואולקאַן-געגנט. דער פיינט איז געווען זייער נערוויז און פלעגט נישט זשאַלעווען קיין שראַפּנעלן. אַפן שאָסיי-וועג נאָוואָסעליצע-באַיאַן, האָט אַף יעדן שריט געשוועבט דער טויט. דער גאַנצער וועג מיט זיין נאָענטער אומגעבונג איז געווען באַדעקט מיט גריבער פון גראַנאַטן. דער פיינט פלעגט אַפילו איינצלנע מענטשן באַשיסן פון האַרמאַטן. די באַוועגונג אַף דער שטרעקע פלעגט קענען פאָרקומען נאָר אין דער נאַכט-פינסטערניש.

אין באַיאַן האָב איך איבערגעלעבט פיל שווערע טעג. דאָ האָב איך געוואוינט אין אַ פוסטע הייזל, וועלכע איז געווען צובראָכן פון גראַנאַטן. איינמאָל איז אין הייזל אין מיין אָנוועזנהייט אַריינגעפלויגן אַ גראַנאַטע, האָט פאַרוואונדעט אַ פּאָר קאָזאַקן און איך בין געבליבן אומבאַשעדיקט. אַן אַנדער מאָל בין איך אַרויסגעגאַנגען פון שטעלכל לעבן שטאַב פון פּאָלק, און אַריינגייענדיק אין שטוב, האָב איך דערזען ווי אַ שווערע גראַנאַטע האָט דעם שטעלכל אופגעריסן אין דער לופטן. נאָכאַמאָל זיצנדיק באַ אַ מיטיק אין שטיבל לעבן באַיאַנער טיפלע, איז אַ גראַנאַט אַריין אין טיפלע און איר אופגעריסן, און אַ צווייטער גראַנאַט האָט זיך צוריסן לעבן אונזער פענסטער און האָט אויסגעבראָכן אַלע שויבן. ווען איך בין איינמאָל אין דער נאַכט געריטן מיט מיין קאָזאַק, האָט אַ שווערער גראַנאַט זיך צעריסן ניט ווייט פון אונז, האָט אונז פאַרוואָרפן מיט ערד און איך בין אַ צעטומלטער דורכן שטאַרקן לופטדרוק אַרונטערגעפאַלן פונם פערד.

די אַלע שווערע לעבנסגעפערלעכע באַדינגונגען, אין וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו לעבן, זיינען פונם קאָמאַנדיר אָפּגעשאַצט געוואָרן און ער האָט מיר צוגעשטעלט צו מיליטערישע אויסצייכנונגען. ביזן פרילינג 1916 האָב איך געקראָגן פיר קרייצן פאַר אויסגעצייכנטער איבערגעגעבענער דינסט און דערפילן מיינע פליכטן אונטערן פייער פון קעגנער.

דער קריג האָט זיך שין געצויגן אָנדערטהאַלבן יאָר. די רוסישע פלענער צו פאַרנעמען בערלין און קאָנסטאַנטינאָפּאָל האָבן זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַן אַבסורד. אַנשטאָט די גרויסע האָפנונגען זיינען דערווייל די שטאַרקסטע רוסישע פעסטונגען צושאָטן געוואָרן ווי זאַמד-הויפנס און פאַרנומען געוואָרן. די פעסטונג פשעמישל, וועלכע די רוסן האָבן געהאַט פאַרנומען און געליאַרעמט פון שמחה, איז צוריק אָפּגענומען געוואָרן. אייניקע אָפיצערן האָבן אָנגעהויבן אַריינפאַלן אין אַ יאוש-שטימונג. אונזער קאָמאַנדיר, וועלכער איז פריער געווען אַזוי זיכער מיטן זיג פון רוסישן וואָפן, האָט שוין געוואַרט אַף ישועות פונם מערב-פראָנט. ער האָט





די מאַסע“ אין גייט בליצ־ב אַוועק אַלס פרייוויליקער אין דער צאַרישער אַרמיי, כדי צוזאַמען מיט די פראַנצויזן און ענגלענדער אויסצוקעמפן פאַר רוסלאַנד אַלע „סוואָבאָדעס“.

מער נישט, דריי אינטעליגענטן אידישע האָבן זיך ניט געהאַט געשראָקן דענסטמאָל פאַר די מאָביליזאַציעס. דאָס זיינען געווען דער דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש, דער הומאָריסט יוסף טונקעל און איך.

דער טונקעלער און איך זיינען, דאַנקען גאָט, פון דער נאַטור אויס געווען ריכטיקע ווייסע בילעטניקעס (וואָס טויגן האָבן מיר, אמת, געטויגט צו אַלץ, נאָר נישט צו דער מלחמה) און ז. סעגאַלאָוויטש איז געווען זיכער, אַז ער וועט נישט „כאַפּן די מאָס“ אין דער ברייט, ווייל אין דער הויך איז ער גראָד, אָן עין הרע, אַן איבערגעוואַקסענער.

האָבן מיר אַלע דריי געשלאָסן אַ יד אחת צו פאַרבלייבן אין באָברויסק אַזוי לאַנג ביז דער מלחמה-שטורם וועט זיך האָבן איינגעלייגט און דענסטמאָל ערשט וועלן מיר זיך ווידער אַוועקלאָזן אין דער ברייטער וועלט אַריין שאַפן אונזערע „אייביקע ווערטן“, אָדער „קלאַסישע ווערקע“, ווי דער טונקעלער פלעגט זאָגן.

ביז וואַנען וואָס-איז האָבן מיר אָנגעהויבן גיין אין באַלעבאַטישע הייזער טרינקען טיי מיט זאַפט, שפּילן קאָרטן און אַמוזירן באַלעבאַטישע טעכטער.

דער טונקעלער האָט מיך, אַגב, געוואָרנט, אַז אויב איך וועל זיך טאַקע אַף צו דער אמתן ווען עס איז פאַרליבן אין אַ באָברויסקער מיידל — זאָל איך, למען השם, נישט צו פיל אַרום איר אַרומפאַדן, ווייל דענסטמאָל וועט דער טאַטע אירער נישט געבן קיין צובראָכענעם פעניג. (אַ באָברויסקער טאַטע קאָן די טעכטער זיינע...). פלעגט ער מיך האַלטן אין איין מינטערן — איך זאָל בשום אופן נישט פאַרגעסן, אַז איך בין „אַ פּאָעט מיט אַ ווייסן בילעט“, דאָס הייסט. אַז איצטער, מלחמה-צייט, בין איך אַ דאָפּלטער יחסן...

ניט געקוקט אָבער אַף אָט דעם דאָפּלטן יחוס מיינעם, האָב איך לחלוטין ניט געהאַט בדעה אים ערנסט אויסצונוצן.

ניט צוליב חתונה האָבן בין איך דאָך געווען אַראָפּגעקומען פון דער שווייץ קיין רוסלאַנד.

איך האָב דאָך געטרוימט פון פיל העכערע צילן. מיין העכסטער ציל איז געווען זיך צו באַזעצן אין ווילנע און זיך פאַרפליכטן מיט דער אידישער ליטעראַטור און עפּעס וואָס אויפטאָן פאַר אונזערע שול־קינדער.

מיר דריי האָבן געהאַט דעמסטמאָל אין באָברויסק אַזוי לאַנג געזעקסאונזעכציגט ביז דער מונקעלער האָט ביי אונז ביידן (צוליב זיין שטאַרקער קורצזיכטיקייט) גרויסמוטיק און גוטמוטיק פאַרלאָרן אַלע בערווינעס פון זיין ירושה־שטוב.

דעמסטמאָל ערשט האָבן מיר אַלע דריי דערפילט, אַז מיר האָבן שוין אין באָברויסק קיין שום אָנשפּאַר ניט און יעדער איינער פון אונז האָט אָנגעהויבן פּאַקן זיין פּעקל.

ניט געקוקט אַף די גרויסע מפּלות פון אונזערע חיילות, זיינען דאָך וואַרשע, ווילנע, קיעוו און אָדעס נאָך געשטאַנען פאַר אונז אָפן און איך בין געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך געהאַט אָפּגעטראָגן קיין ווילנע.



## פון בראפקאווסקיס מלחמה-הומאר

אין דער צייט פון דער מלחמה איז איינער אַ מלמד געשטאַנען אַפן זייט פון דעם דייטש.

אַז עס זיינען דורכגעגאַנגען די רוסישע חילות האָט ער געכאַפּט אַ פּאָר פּוסטע עמערס און האָט זיך גענומען ארומדרייען אַרום דער אַרמיי אַהין און צוריק (ליידיקע עמער איז אַ שלעכטע באַגעגעניש).

די סאָלדאַטן האָבן דאָס באַמערקט און האָבן דעם אידל „אָנגעבעכעט“ וויפיל עס איז אין אים אַריין.

אין דער היים טענהט צו אים די ווייב זיינע:

— וויפיל מאָל, שלים־מזל, האָב איך דיר געזאָגט, אַז וואו צוויי מלאכים קריגן זיך, זאָלסטו זיך ניט מישן דער־מיט!..

זיך געטרייסט, אַז די ענגלענדער מיט די פראַנצויזן וועלן אַראָפּברענגען אָן אַ צאָל נייע האַרמאַטן און וועלן באַזיגן די דייטשן. עס זיינען געווען אַזעלכע אָפיצערן, וועלכע פלעגן אָפט קומען מיט נייס, אַז אין איין אָרט האָט מען דורכגעבראָכן דעם דייטשן פראָנט און די דייטשן לויפן, אַז מען האָט אָפּגענומען בא דייטשן פיל האַרמאַטן, אָבער קיינער פלעגט זיי ניט גלויבן.

דייטשע געפאַנגענע פלעגט אויסקומען צו זען נאָר קליינע גרופּעס. נאָר איין מאָל האָב איך געזען אין טשערנאָוויץ צוויי פאָלקן דייטשע געפאַנגענע. די שטאָלצע אָפיצערן זיינען געגאַנגען שטראַם מיט אַראָפּגעלאָזענע בליקן. די סאָלדאַטן זיינען געגאַנגען אין פוס און די רוסן האָבן מיט גרויס אַכטונג געקוקט אַף די געפאַנגענע פיינט, באַמערקנדיק דערביי, אַז די רוסישע סאָלדאַטן גייען ניט אַזוי שיין בא אַ מאַרש, ווי די דייטשן אין געפאַנגענשאַפט.

די פיינטשאַפט פון רוסישע סאָלדאַטן און אפילו פונם קאָזאַק צום קעגנער איז מערסטנטייל געווען ניט קיין נאַטירלעכע, נאָר אַן איינגערעדטע, אַן אופגעהעצטע. די רוסישע סאָלדאַטן און קאָזאַקן פלעגן אָפט אַרויסווייזן פריינטשאַפט לגבי די געפאַנגענע, זיי פלעגן זיי מכבד זיין מיט פּאַפּיראָסן, פאַרפירן מיט זיי שמועסן, און פלעגן זיך ווי עס איז צוזאַמענריידן.

איינמאָל האָט מען געבראַכט אין אַ דאָרף אַ קליינע גרופּע געפאַנגענע עסטרייכער. די קאָזאַקן האָבן זיי אַרומגערינגלט און באַלד, אומבאַמערקטערהייט האָט זיך געבילדעט אַ כאָר. אַ בודאַפּעשטער אידישער סאָלדאַט האָט געזונגען, אַן עסטרייכישער סאָלדאַט, אַ ציגיינער, האָט געשפּילט אַף אַ פידל, אַ קאָזאַק האָט זיי באַגלייט אַף אַ האַרמאָשקע און עטלעכע קאָזאַקן האָבן געטאַנצט. איך האָב זיך צוגעקוקט צו די נאָר־וואָס געוועזענע פיינט, וועלכע האָבן נאָר־וואָס געהאַלטן אויסגעשטרעקט איינע קעגן די אַנדערע די אָנגעלאָדענע ביקסן מיט די בלאַנקע באַיאָנעטן און איך האָב זיך געטראַכט: איר זייט דאָך גלייכע מענטשן, איר האָט דאָך אַלע פאַמיליעס, וועלכע ליבן אייך, טראַכטן און באַאומרואיקן זיך וועגן אייער שיקזאַל. צוליב וואָס האָט איר נאָר־וואָס געוואָלט איינע די אַנדערע אומברענגען, איר זייט דאָך איצט פריינט, איר קענט ווערן גוטע, איבערגעגעבענע חברים און אין געלעגנהייט אַפילו זיך מתחתן־זיין און ווערן מיטגלידער פון איין פאַמיליע.

דער תירוץ איז: מען האָט אייך אַהער געבראַכט געווים קעגן אייער ווילן, מען האָט אייך געהאַלטן אין נאַסע קאַלטע אָקאָפּעס, איר האָט ניט געגעסן און ניט געשלאָפן אין דער צייט, מען האָט אייך געהייסן גיין שיסן, צישטערן, חרוב מאַכן,

פאַרקריפּלען מענטשן, וואָס זיינען גלייך צו אייך, מעגלעך אייערע אייגענע ברידער, וועלכע דינען צופעליק אין די רייען, וועלכע שטייען קעגן אייך.

אין באַיאַן זיינען געווען פיל הינט, וועלכע די ארויסגעשיקטע באַלעבאַטים האָבן איבערגעלאָזן. די קאָזאַקן פלעגן צובינדן צו אַ הונטס וויידל אַ צובראָכענעם טאָפּ, און ווען דער הונט פלעגט אָנהויבן צו לויפן, פלעגט דער טאָפּ קלאַפּן דעם הונט אין די פיס, און ער פלעגט נאָך שנעלער לויפן. די קאָזאַקן פלעגן דעם הונט אַריבעריאָגן איבערן רומענישן גרעניץ און פון דאָרט פלעגט ער לויפן פאַרביי די עסטרייכישע אָקאָפּעס. עס פלעגט אויסברעכן אַ געלעכטער אין די אָקאָפּעס פון ביידע קעגנער, פון ביידע זייטן פלעגט מען אַרויסהייגען ווייסע צייכנס, און אין אַזאַ צייט פלעגט זיך איינשטעלן אַ וואַפּנשטילשטאַנד.

פון די עסטרייכישע אָקאָפּעס פלעגן זיך אָפּט צו אונז דערטראָגן מוזיק־קלאַנגען. זייערע אָקאָפּעס זיינען געווען באַקוועמע, און די אָפיצערסקע בלינדאַזשן זיינען אַפילו געווען מעבעלירט. די רוסן פלעגן ווייניקער זאָרגן איינצואָרדנען די אָקאָפּעס. דאָך זיינען די אָפיצערסקע בלינדאַזשן געווען ניט שלעכט. די אָפיצערן פלעגן ליגן אַף היי, פלעגן שפּילן אין קאָרטן און טרינקען טיי.

זייענדיק אין באַיאַן, וואו איך האָב פאַרבראַכט פיל צייט, האָב איך זיך איינגעקוקט אַף די חורבות, וואו עס האָט געלעבט דער באַיאַנער רבי, עס זיינען בלויז געשטאַנען די ווענט פון רבינס שטוב. איך האָב מיר פאָרגעשטעלט, ווי דאָ, צווישן די פאַרברענטע ווענט, האָט אַמאָל געשוויבלט און געגריבלט מיט חסידים, ווי דאָ האָבן זיך אַמאָל געהערט לעבעדיקע האַרציקע, חסידישע ניגונימלעך, דאָ האָבן חסידים פון רבינס טעלער שירים געכאַפּט, דאָ האָבן זיי קוויטלעך געטיילט און מען האָט דעם רבין פדיונות געטראָגן. אַהער זיינען פון ווייטע מקומות עקרות געקומען און פון רבינס ברכה געוואַרט, פול מיט האָפנונג, אַז דורכן רבינס מויל וועט צו זיי די ישועה קומען. דאָ האָט אַמאָל די רביצין, אָנגעטאָן אין זיידנס און גאָלד, ווי אַ קייזערינע איבער די סאַלאָנען אַרומגעשפּאַצירט. און איצט איז אַלץ אין שרעק און טויט איינגעהילט. אַרום פּייפן נאָר קוילן און סנאַריאַדן. דאָ גייען שטיל פאַרביי איינצלנע גרויע פּוסגייער, אָדער עס טראָגט זיך פאַרביי מיט אַ געוואַלטיקן אימפּעט אַ באַוואָפנטער קאָזאַק, אַ זון פון די קאַווקאַזער הויכע בערג און רוישיקע טייכן. נאָר באַנאַכט, ווען די זון פאַרבאַהאַלט זיך אונטער די בערג, ווערן די עלטסטע גאַסן און פאַרוויסטע וועגן באַלעבט פון פאַרבייגייענדיקע מחנות. דאָ באַוועגן זיך טראַנספּאָרטן, דאָ רויכערן די פעלדקיכן און קלאַפּן די וועגעלעך,



# אַ מענטש אָן אַ נאָמען
# „ווער בין איך“

דאָס איז די גרעסטע טראַגעדיע, וואָס איז פאַרבליבן פון וועלטקריג. דרייט זיך אַרום אַ מענטש אַף דער וועלט, אַ קרבן פון דער מלחמה, אַ שווער־פאַרוואונדעטער אַפן שלאַכטפעלד — און ער ווייסט ניט, ווער ער איז. פון די וואונדן, וואָס ער האָט באַקומען, האָט ער פאַרלאָרן דעם זכרון, ער האָט פאַרגעסן זיין נאָמען, ער ווייסט גאָרניט וועגן זיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט, ער געדיינקט גאָרניט, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אים, ביז דעם טאָג ווען מען האָט אים אַריינגעפירט אין קריגסלאַזאַרעט. און שוין אַכצען יאָר אַזוי, ווי ער איז אַ לעבעדיקער מענטש אָן אַ נאָמען. און וויפיל מען האָט זיך שוין באַמיט, מען זאָל קאָנען עפּעס אַרויסבאַקומען פון אים, וויפיל דאָקטוירים עס האָבן זיך שוין פאַרנומען מיט אים האָט גאָרניט געהאָלפן. און טויזנטער מענטשן — מאַמעס, פרויען, טאַטעס, ברידער וואָס האָבן געמיינט אַז ער איז „זייערער“ — זיינען שוין געקומען אים דערקענען. און אויך דערפון האָט זיך ביז איצט גאָרניט אויסגעלאָזט. אַנטוישטע

זיינען זיי אַלע אַוועק, און דער סאָלדאַט אָן אַ נאָמען דרייט זיך ווייטער אַרום ווי אַ שאָטן מיט דעם שרעקלעכן געהיימניש, וואָס קיינער קאָן ניט אַרויסלייענען פון זיינע צעחוש'טע אויגן.

דער דאָזיקער פראַנצויזישער קריגסקעמפער, דער אומגליקלעכסטער פון אַלע קרבנות פון דער מלחמה, האָט שוין אַ גאַנצע געשיכטע, וואָס הויבט זיך אָן פון יענעם טאָג, ווען ער איז אַריין אין דעם לאַזאַרעט, אין זיין „צווייטן לעבן". זיין פאָטאָגראַפיע קען שוין זיכער יעדער איינער אין פראַנקרייך. זי איז געווען געדרוקט אין אַלע צייטונגען. און אַף דער פאַראָרדנונג פון דער רעגירונג האָט מען זיין בילד שוין אייניקע מאָל פאַרשפרייט אומעטום, איבער די קלענסטע פאַרוואָרפנסטע דערפלעך. און נאָך דעם אַלעם איז די טראַגעדיע פאַרבליבן ביזן היינטיקן טאָג. און יעדע פאָר וואָכן קומט צו אַ ניי קאַפיטל פון דער אומגעוויינלעך-טראַגישער געשיכטע — יעדע פאָר וואָכן קומט אַ נייע אַנטוישונג פון אַ מאַן, פון אַ פרוי, וואָס האָט אופגעוואַכט מיט דער טייערסטער האָפנונג פון לעבן, אַז אָט-אָט אפשר וועט מען געפינען דעם פאַרשוואונדענעם, דעם פאַרלאָרענעם אין קריג, און די לעצטע האָפנונג ווערט צובראָכן.

ווייל עס זיינען פאַראַן פיר הונדערט טויזנט פאַמיליעס אין פראַנקרייך, וואָס באַוויינען מענער, קינדער, ברידער וועלכע זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן, פאַרלאָרן געוואָרן אין וועלט-קריג אָן שום שפור. אָנדערטהאַלבן מיליאָן זין האָט פראַנקרייך פאַרלאָרן אין דער גרויסער מלחמה אַף די שלאַכט-פעלדער. אָנדערטהאַלבן מיליאָן געפאַלענע פראַנצויזישע סאָלדאַטן ציילט מען. אָבער נאָר אַ מיליאָן מיט הונדערט טויזנט נעמען פון די געפאַלענע זיינען באַקאַנט און זיינען אויסגעקריצט אַף די קריגס-דענקמעלער אין יעדער שטאָט און שטעטל. וועגן פיר הונדערט טויזנט געפאַלענע סאָלדאַטן ווייסט מען ניט, וואו זייער געביין האָט זיך אַהינגעטאָן. מען האָט קיינמאָל זייערע גאַנצע קערפערס ניט געפונען. ערגעץ-וואו זיינען זיי צוריסן געוואָרן אַף שטיקער, וואָס זיינען צושליידערט געוואָרן אַף אַלע פיר זייטן

עס גייען אויך פאַרביי לאַנגע רייען פון באַוואָפנטע רייטער און גרויע פוסגייער, און מיטאַמאָל באַווייזט זיך ליכט פון די גרויסע פראָזשעקטאָרן. פון דער ווייטנס בליצן אויף האַרמאַטן און די קוילן טראָגן זיך אַהער מיט דונערן און פייפערייען.

אַזוי האָט זיך געשלעפט דער פּאָזיציאָנער קריג. פון ביידע זייטן האָט געאַרבעט די אַרטילעריע, קרבנות פלעגן אָבער זיין ניט פיל. מיר פלעגן אַ פאָר וואָכן זיין אין באַיאַן און אַ פאָר וואָכן אַוועקגיין אין נאָוואָסעליצע, אָדער אין אַ דאָרף אַף אָפּרו. די דערפער אַרום נאָוואָסעליצע זיינען געווען באַוואוינט פון מאָלדאָוואַנער, גערעדט האָבן זיי רומעניש, און זיי האָבן געוואוינט אין קליינע הייזלעך מיט אייזערנע גראַטעס איבער די פענסטערן, כדי זיך צו שיצן פון גנבים, און אַזוי ווי עס איז ניט געווען קיין איין שטוב אָן אייזערנע גראַטעס, האָט מען געקאָנט פאַרשטיין, אַז אַלע האָבן דאָ אַ שוואַכקייט צו גנבענען.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער פסח. אונז איז אויסגעקומען צו דער צייט צו זיין אין נאָוואָסעליצע. מיך האָט איינגעלאַדן צו פסח די פאַמיליע ע. און צוזאַמען מיט מיר האָט אייניקע מאָל געגעסן באַ זיי אַ פסחדיקן מיטיק דער גענעראַל. אים זיינען זייער געפעלן געוואָרן די קניידלעך און די איבעריקע פסחדיקע מאכלים. מיר האָבן דעם פסח גוט פאַרבראַכט.

פסח-צייט איז אין נאָוואָסעליצע געקומען דער רומענישער קריגס-מיניסטער פיליפעסקאָ. די רומענער, ווי עס ווייזט אויס, האָבן זיך צו דער צייט געקליבן אויך אַריינטרעטן אין קריג און דער מיניסטער איז געקומען זיך צו באַקענען מיטן רוסישן מיליטער.

די שטימונג צווישן רוסישן מיליטער איז צוליבן געלונגענעם דורכברוך פון ברוסילאָווס אַרמייען ביי אקנא געוואָרן אַ געהויבענע. דעם גאַנצן 1915-טן יאָר האָט מען, ניט רעכענענדיק קלענערע אָרטיקע נצחונות, אַלץ געהאַט מפלות, מען האָט זיך צוריקגעצויגן פון די קאַרפאַטן און גאַליציען, מען האָט פאַרלאָרן גאַנץ פוילן, מען האָט אָפּגעגעבן די שטאַרקסטע פעסטונגען, פיל לעבנסמיטל און מיליטערישע מכשירים זיינען אַריינגעפאַלן ביים פיינט אין די הענט, און איצט — אַזאַ געוואַלטיקער זיג. דער שונא איז געשלאָגן און לויפט. מען האָט גערעדט וועגן די גרויסע מעלות פונם גענעראַל ברוסילאָוו, אַז ער האָט געוואַלטיקע פייאיקייטן און איז זייער אַרבעטסזאַם. אַנדערע האָבן געלויבט די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע האָבן באַזאָרגט דעם זעלנער מיט אַלץ, וואָס ער דאַרף, האָבן אים צוגעגעבן מוט, און האָבן אויסגעאַרבעט אַ גענוגנדיקע צאָל סנאַריאַדן. אונזער דיוויזיע-דאָק-

טאָר, וועלכער פלעגט אַלעמאָל זיך געפינען פון דערווייטנס, איז אויך אַראָפּגעקומען אין באַיאַן. אים האָט זיך זייער געוואָלט קריגן אַ העכערן ראַנג און אַן „אַנאַ"־אָרדן פון דער פערטער מדרגה. אָט דער שטרעבן צו קריגן שכר האָט באַ אים פאַריאָגט דעם געפיל פון מורא. עס האָט זיך דאָ אויך אין אַ פּאַלאַטקע געעפנט אַ פונקט צו פאַרבינדן די פאַרוואונדעטע, מיט אַ כירורג און קראַנקען־שוועסטער.

פאָרנדיק אין קריג האָב איך געמיינט, אַז אין קריג ווערט רעספּעקטירט דער רויטער קרייץ, אָבער דאָ האָב איך זיך באַלד איבערצייגט, אַז געפילן, רחמנות און אינטערנאַציאָנאַלע פאַרפליכטונגען רעכענען זיך אַפן קריג נאָר פאַר בטלנות; וואָס מער גראַנאַטן מען זעצט אַריין דעם שונא, איז אַלץ בעסער, און עס איז גאָר גלייך, וועמען די גראַנאַטן טרעפן.

די פּוסטע שטיבלעך פון די אַרויסגעשיקטע פּויערים, פון וועלכע די רוסישע זעלנער האָבן אויסגעהאַקט די שויבן און צובראָכן די אויוונס, האָבן זיך באַפוצט מיט גרינס. אַדאַנק די גרינע ביימער האָט מען פון קעגנערס זייט ניט געזען די באַוועגונג אין שטעטל און מען האָט געקאָנט פריי אַרומשפּאַצירן. אין דער נאַכט פון פירטן אַפן פינפטן יוני האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אָנגריף פון רוסישן חיל. אַ גאַנצע נאַכט האָט אָן אופהער געשטורעמט דער פראָנט. די פּראָזשעקטאָרן האָבן אַרומגעוואָרפן זייערע מעכטיקע ליכט־כוואַליעס, און פון די מיט רויטן ליכט באַוואָרפענע פעלדער האָט זיך געטראָגן אַ משונהדיקער געהילך. עס האָבן כסדר געדונערט די שווערע און לייכטע האַרמאַטן און די שרעקלעכע ברומערייען זיינען באַגלייט געוואָרן פון שטענדיקער טראַסקעריי פון מאַשינען־געווער, דורכגעמישט מיט אַ מוראדיקן געהילך פון באָמבעס־וואַרפער און אופרייסן פון מינעס. ביי די ברעגעס פון טייך פּרוט האָבן מענטשן האַרטנעקיק און פאַרצווייפלט געקעמפט, שטראָמען בלוט האָבן זיך געגאָסן, און זיך צונויפגעמישט מיט די וואַסערן, וועלכע זיינען געלאָפן צום ים. נאָך גרויסע קרבנות האָבן די רוסישע פוסגייער־טיילן דורכגעבראָכן די פיינטלעכע פּאָזיציעס.

דעם 5־טן יוני, פיר אַזייגער אינדערפרי, האָבן מיר זיך געזעצט אַף די פערד, שנעל איבערגעריטן דעם טייך פּרוט און כמעט אומאופהאַלטזאַם געריטן פאָרויס, צייטנווייז זיך טראָגנדיק אין גאַלאָפּ. פון אָנהויב האָבן די צושלאָגענע און אויסגעמאַטערטע עסטרייכישע פוסגייער ניט אַרויסגעוויזן קיין ווידערשטאַנד און האָבן זיך אָפּגעגעבן אין געפאַנגענשאַפט. אַפן וועג האָבן זיך ערטערווייז געוואַלגערט טויטע קערפּערס פון עסטרייכער. באַ די טויטע



וועלט. און די אומגליקלעכע פאַמיליעס האָבן אַפילו ניט קיין קברים, אַף וועלכע זיי זאָלן גיין באַוויינען זייערע געפאַלענע און ווער ווייסט — אפשר האָט זיך ווער עס איז פון די פיר הונדערט טויזנט פאַרפאַלענע אָן שפורן אַרויסגעדרייט פון די נעגל פון טויט, און וואַלגערט זיך ערגעץ אַרום נאָך ביז איצט, ווי אַ לעבעדיקער מת? ווייניק זיינען שוין אופגעדעקט געוואָרן אַזעלכע פאַלן אין די נאָך־קריגס־יאָרן?

איינער איז זיכער פאַראַן אַזעלכער. דאָס איז דער סאָלדאַט אָן אַ נאָמען, דער סאָלדאַט מיט דעם פאַרלאָרענעם זכרון, וועלכער געפינט זיך ביז איצט אין אַ משוגעים־הויז אין פראַנקרייך, וועמענס בילד אַלע האָבן שוין געזען, און וועלכן קיינער האָט נאָך ביז איצט ריכטיק ניט דערקענט. און יעדע פון די פיר הונדערט טויזנט פראַנצויזישע פאַמיליעס, וואָס וועלן קיינמאָל זייער טיפן ווייטיק ניט פאַרגעסן, טראַכט זיך ווייטער: אפשר איז ער פאָרט „אונזערער". און עס ציט זיך די טראַגעדיע פון דעם „לעבעדיקן מת", דעם סאָלדאַט אָן אַ נאָמען און עס מערן זיך די אומגעוויינלעכע, די טרויעריק־סענסאַציאָנעלע געשיכטעס, וואָס שפּילן זיך אָפּ אַרום אים...

## איך ווייס ניט — איך בין הונגעריק...

דאָס צווייטע לעבן פון דעם „אומבאַקאַנטן לעבעדיקן סאָלדאַט"— ווי דער פראַנצויזישער זשורנאַליסט פאַל ברינגיע האָט טרעפלעך אָנגערופן די טראַגישע פיגור — האָט זיך אָנגעהויבן דעם 1־טן פעברואַל 1918. אין דעם רעגנדיקן, קאַלטן אָוונט פון 1־טן פעברואַל 1918 איז ער געבאָרן געוואָרן, דער סאָלדאַט אָן אַ נאָמען. קיין אַנדערע געבורטס־מעטריקע האָט ער ניט, און קיינער אין דער וועלט ווייסט ניט וועגן אים. אַלע זיינע דאָקומענטן טראָגן איצט דעם דאַטום פון ערשטן פעברואַל־אָוונט פון שווערן און לעצטן קריגס־יאָר 1918.

דאָס איז געווען אין ליאָן, אַף דער באַנסטאַנציע. מען האָט געבראַכט צו פירן

אַ פּאַרטיע קריגס-געפאַנגענע, פראַנצויזישע סאָלדאַטן, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט צו די דייטשן, און וועלכע דייטשלאַנד האָט לויט אַ ספּעציעלן אויסטויש-אָפּמאַך צוריקגעשיקט. דער גרעסטער טייל פון זיי איז באַשטאַנען פון שווער-פאַרוואונדעטע, און מען האָט זיי באַלד פון דער באַן אָפּגעפירט אין די לאַזאַרעטן. אַנדערע, די געזונטע, האָט מען אַוועקגעשיקט אין די קאַזאַרמעס אין שטאָט. עס איז שוין געוואָרן שפּעט אין אָונט, ביז מען האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דעם גאַנצן טראַנספּאָרט. מיטאַמאָל האָט אַ זשאַנדאַרם, וועלכער האָט געהאַלטן די וואַך אַפן וואָקזאַל, דערזען אין אַ ווינקל אַ מאַן, אָנגעטאָן אין צוריסענע מיליטערישע קליידער, אַ איינגעבויגענעם אין דרייען, וועלכער האָט געציטערט פאַר קעלט. ער איז צוגעגאַנגען צו אים און אַ הויכן געשריי געטאָן:

— וואָס טוסט דו דאָ?

דער אומבאַקאַנטער האָט ניט אויסגעוויזן צו זיין איבערגעשראָקן פון דער פּלוצלונגדיקער פראַגע. מיט אַ רויער שטים, ווי פון יענער וועלט, האָט ער געענטפערט:

—איך ווייס ניט.

— וואָס הייסט, דו ווייסט ניט? — האָט זיך שוין דער זשאַנדאַרם דערצערנט — דו ביסט געווען צוזאַמען מיט דער פּאַרטיע געפאַנגענע?

— איך ווייס ניט — האָט אָפּגעהילכט דער ענטפער פון אומבאַקאַנטן, מיט דער זעלבער שטים, וואָס פריער, אַף קיין האָר ניט געענדערט.

— וואָס, דו מאַכסט גאָר אַ געלעכטער פון מיר? דיין רעגימענט? ווי הייסטו? — האָט דער זשאַנדאַרם גענומען מאַכן קולות.

— איך ווייס ניט, — האָט דער אומבאַקאַנטער צום דריטן מאָל זיך אָנגערופן.

דער זשאַנדאַרם האָט אויפגעהויבן זיין לאַמטערן און באַלויכטן דאָס פּנים פון דעם מאָדנעם זעלנער. ער האָט אַ שאַרפן קוק געטאָן אַף אים און האָט געטראַכט ביי זיך: איך קען שוין די קונצן!

דריי יאָר האָט דער זשאַנדאַרם שוין



זיינען געווען אויסגעקערט די קעשענעס, מען האָט באַ זיי געזוכט געלט אָדער אַנדערע חפצים. פון אַסך קערפּערס זיינען געווען אַראָפּגעצויגן די רעקלעך, שיך און הויזן.

רייטער־טיילן האָבן די עסטרייכער שוין לאַנג ניט געהאַט, נאָר זיי האָבן געהאַט אַן אויסגעצייכנטע אַרטילעריע, וועלכע האָבן פּשוט וואונדער געוויזן. עטלעכע באַטאַרייעס לייכטע אַרטילעריע האָבן געשטערט אונזער גיכן פאָרמאַרש. די באַטאַרייעס פלעגן זיך אָפּשטעלן אין אַ גינסטיקן אָרט און מיט אַ שנעלן פייער אונז באַשיסן, און ווען אונזערע פאָדערשטע טיילן פלעגן זיך צו זיי דערנענטערן, פלעג זיי צושפּאַנען די פערד און אין גאַלאָפּ זיך טראָגן ווייטער.

מיט אונזערע צען סאָטניעס האָט אָנגעפירט דער בריגאַדנער גענעראַל סאַזורקאָ. דער דיוויזיע־גענעראַל גאַלאַטשאַפּאָוו איז מיט אַ פּאָר טעג פריער פאַרוואונדעט געוואָרן פון אַ שראַפּנעל־שפּליטער אין פּלייצע און איז געבליבן אין נאָוואָסעליצע. דער בריגאַדנער איז געווען אַ ברייטפּלייציקער קרעפּטיקער מאַן אין די זעכציקער יאָרן. לויט זיין אָפּשטאַם אַן אָסעטין. ער איז דערגאַנגען צו אַזאַ הויכער מדרגה נאָר דורך פּערזענלעכער העלדישקייט, אָנטיילנעמענדיק אין די פריערדיקע רוסישע מלחמות און ביים אונטערדריקן אופשטאַנדן. ער איז אַגב געווען אַ מחותן צום קייזערלעכן הויף, ווייל ער האָט דאָרטן פריער געהאַט געדינט אין קייזערלעכן קאָנוואָי. מיטן לייענען און שרייבן איז ביי אים געגאַנגען זייער שווער. ער האָט קוים געקאָנט זיין נאָמען אונטערשרייבן. פאַר די צוקונפטיקע דורות וועט דאָס זיין אַן אומגלויביקע געשיכטע, אָבער איך האָב פּערזענלעך זיך גוט געקאָנט מיט דעם גענעראַל און אַפילו געווען מיט אים גוט באַפריינדעט. איך פלעג שפּעטער מיט אים פיל אַרומשפּאַצירן איבער די קאַרפּאַטן־בערג. ער איז געווען אַ ליבער, אָנגענעמער מענטש. רוסיש האָט ער גערעדט זייער שלעכט, און ער פלעגט זיך זייער גוט באַציען צו די קאָזאַקן. די אָפיצערן האָבן געקוקט אַף אים פון אויבן אַראָפּ. ווען דער אַדיוטאַנט פלעגט אים צוטראָגן די קאַרטע זיך צו באַראַטן וועגן סטראַטעגישע ענינים, פלעגט ער אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט און זאָגן: „איך ווייס נאָר די קאַרטע פון פאָראויסגיין, די קאַרטע פון אָפּטרעטן ווייס איך ניט“. עס איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ביי אַ מאָדערנער קריגס־פירונג האָט מען אַזאַ גענעראַל אַן עם־הארץ ניט געטאָרט איבערגעבן אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע, ווי אָנפירן אַ חיל; אָבער אין דעם פאַל האָט אַפילו עם־הארצות געגאָלטן, ווייל דאָ האָט מען טאַקע געדאַרפט האָבן פּערזענלעכע העלדישקייט, צוליב

דעם, וואָס דער פּיינט איז געלאָפן, און וואָס שנעלער מען האָט זיך נאָך אים געיאָגט, אַלץ מער ריוה האָט מען געקאָנט האָבן.

מיר זיינען איינציקע שעה מיט אַ שנעלן טעמפּ געריטן, יאָגנדיק דעם פּיינט און נעמענדיק קליינע גרופּעס אין געפאַנגענשאַפט. אַרום עלף אַזייגער באַטאָג האָט מען פון דערווייטנס דערזען אַ גרויסע פּיינטלעכע מחנה, זיך באַוועגנדיק מיטן שאָסיי. נאָך אַ שעה צייט האָט מען אָנגעיאָגט די מחנה ביי קאַטשיקאַ. דאָס איז געווען דער עסטרייכישער אַרמיי־אָבאָז, וועלכער איז געגאַנגען פון טשערנאָוויץ. אַ סאָטניע קאָזאַקן האָט, זיך דורכשלאָגנדיק די בערג, פאַרצאַמט דער מחנה די וועג. דער אָבאָז איז געווען געשיצט דורך אַ באַטאַליאָן פוסגייער. די עסטרייכער האָבן דאָך אָן אַ קאַמף דעם אָבאָז ניט געוואָלט אָפּגעבן. אין קאַמף איז געפאַלן אונזער וואָיסקאָוואָי סטאַרשינאַ (פּאָדפּאָלקאָווניק). עס זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן איינציקע אָפיצערן, און אויך מערערע קאָזאַקן זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן. די עסטרייכער האָבן געלייגט די געווער און זייער אָבאָז פון 1008 פורן, איז אַריינגעפאַלן אין אונזערע הענט. עס זיינען געווען ביי צוויי הונדערט פורן מיט אָפיצערסקע זאַכן, פורן צוקער, פורן מיט שאָקאָלאַד, קאָנסערוון, מעל, וויין און קאָניאַק, פאַרבאַנד־שטאָף, טערמאָס־פלאַשן און דעזינפעקציאָנס־קאַמערן, רעוואָלווערן און קריגס־מכשירים. פון דעם רייכן אָבאָז האָט די רוסישע מיליטער־לייטונג ווייניק וואָס געהאַט. די קאָזאַקן האָבן זיך לאַנג אַף דעם אָרט נישט געקאָנט אופהאַלטן, ווייל זיי האָבן געמוזט ווייטער פאַרפאָלגן דעם שונא, דאָך האָבן זיי באַוויזן אַף גיך מיט די קינזשאַלן קרייץ־אַרטיק צו צושניידן די לעדערנע טשעמאָדאַנעס און אויסליידיקן דעם אינהאַלט. גענומען האָבן זיי נאָר געלט, רעוואָלווערן און בינאָקלס, און די אַלע איבעריקע זאַכן זיינען געבליבן ליגן. מיינער אַ סאַניטאַר האָט מיר געבראַכט אַ גאַנצן לעדערנעם טשעמאָדאַן. ווען איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט די פאַרוואונדעטע, האָב איך אויסגעקליבן אַ וואָגן מיט אַ פּאָר פערד, אַריינגעלייגט אין וואָגן אַ גרויסן זאַק צוקער, שאָקאָלאַד, קאָנסערוון, טערמאָס־פלאַשן און פאַרבאַנד־שטאָף און אָפּגעפאָרן ווייטער. שפּעטער זיינען אָנגעקומען פוסגייער־טיילן און האָבן געענדיקט די הלוקה. די קאָזאַקן האָבן אָנגעלייגט זעק מיט פאַרשיידענע מטלטלים, גענומען אַ פערד פון אָבאָז, זיך געטיילט מתנות פאַר מיידלעך, וועלכע האָבן געאַרבעט אַף די פעלדער, און זיך אָפּשטעלנדיק אין אַ דאָרף האָבן זיי אַוועקגעגעבן די פערד די באַלע־באַטים, אויב זיי האָבן באַ זיך נושא חן געווען.

געאַרבעט אַף דער באַן־סטאַנציע ביי די מיליטערישע טראַנספּאָרטן אין קריג און ער האָט שוין איבערגעזען פאַר זיינע אויגן די פאַרשיידענע פאַלן, ווי אַזוי סאָלדאַטן האָבן זיך געוואָלט אַרויסדרייען פון דער מלחמה, פון גיין אַפן פראָנט זיכער — האָט ער געקלערט — האָט אויך דער „פויגל" מורא, טאָמער וועט מען אים ווייטער שיקן אַפן פראָנט, און ער שפּילט עם די קאָמעדיע, וואָס ער מאַכט זיך פאַר אַ משוגענעם. דער זשאַנדאַרם האָט ניט פאַרלאָרן פיל צייט און באַלד אָפּגעפירט דעם געפאַקטן סאָלדאַט אין דעם מיליטערישן קאָמיסאַריאַט פון דער באַן־סטאַנציע.

דאָרט איז געזעסן אַן אַדיוטאַנט, וואָס האָט געהאַלטן אין מיטן עסן. אַ פלאַש רויטער וויין איז געשטאַנען אַפן טיש, און דער אַדיוטאַנט האָט „געהאַקט" אַ סעודה נאָך דער שווערער און אָנגעשטריינגטער אַרבעט פון אַ גאַנצן טאָג, און באַזונדערס נאָך דער קאָנטראָל פון דעם לעצטן טראַנספּאָרט צוריקגעקומענע געפאַנגענע. און מיטאַמאָל — אַ נייער גאַסט. דער זשאַנדאַרם האָט אים דערציילט די געשיכטע, און דער אַדיוטאַנט האָט באַלד אָנגעהויבן מיט אַ הויכן קול:

— פון מיינע הענט וועסטו זיך ניט אויסדרייען, פאַרשטאַנען? דו האָסט דעזערטירט, און איצט מאַכסטו זיך פאַר אַן אידיאָט... הם... מיר קענען זיך אַף די שפּיצלעך... קליגערע פון דיר האָב איך שוין איבערגעשיקט צום קריגס־געריכט!

צום ערשטן מאָל, זייט דער זשאַנדאַרם האָט אים באַמערקט, האָט זיך דער אומבאַקאַנטער דערשראָקן. מען האָט געזען אַ קאַלטן שווייס אַף זיין אויסגעמאַטערט, באַוואַקסטן פּנים. שוין פופצן טעג ווי ער איז ניט געווען ראַזירט. אַ פיבער האָט זיך אָנגעצונדן אין זיינע איינגעפאַלענע אויגן. ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ. דער זשאַנדאַרם האָט געמיינט, אַז אָט הויבט ער שוין אָן ריידן. אָבער דער אומבאַקאַנטער האָט ווידערהאָלט וואָרט ביי וואָרט דאָסזעלבע, וואָס פריער:

— איך ווייס ניט... איך ווייס ניט... באַלד האָט ער צוגעגעבן:

— איך שווער, אַז איך ווייס מער גאָרניט!..

און מיטאַמאָל האָט ער אויסגעבראָכן מיט אַ שרעקלעך, הילכיק געוויין. שווערע געדיכטע טרערן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט איבער זיינע געלע באַקן. און אַזעלכע מאָדנע קולות האָבן זיך געהערט פון אים אינמיטן כליפּען.

אַ פּאָר מינוט האָט אַזוי געדויערט. אין ווייזט אויס, אַז הורך דעם שטראָם פון טרערן, וואָס האָט זיך אַ רים געטאָן פון זיינע אויגן, האָט ער עפּעס דערזען. ער האָט געשטעלט אַ טריט נעענטער צו דעם טיש, אויף וועלכן עס האָט זיך געפונען דאָס עסן פון דעם אַדיוטאַנט, און האָט אַ זאָג געטאָן:

— איך בין הונגעריק...

— צום טייוול!.. — האָט דער אַדיוטאַנט געוואָלט זיך ווייטער צושרייען, אָבער ער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן האָט אָפּגעלאָזט זיין כעס צו דעם אָרימען און האָט אים דערלאַנגט אַלץ, וואָס איז נאָך געבליבן אויפן טיש — אַ שטיק פלייש, אַ שטיק ברויט, אַ גלאָז וויין.

מער האָט מען שוין דעם אָווגט ניט געמאַטערט דעם מאָדנעם סאָלדאַט. מען האָט אים איבערגעלאָזט אויף דער נאַכט אין קאָמיסאַריאַט, וואו ער איז איינגעשלאָפן נאָכדעם, ווי ער האָט מיטאַמאָל אַראָפּגעשלונגען דאָס גאַנצע עסן, וואָס מען האָט אים דערלאַנגט. אינדערפרי — האָט מען געטראַכט אין קאָמיסאַריאַט — וועט מען זיך צו אים ווייטער נעמען...

און מען האָט נאָך ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַן אומגליקלעכן מענטשן מען האָט פאַר זיך. און יענער אַדיוטאַנט מיט דעם זשאַנדאַרם אויף דער באַנסטאַנציע אין ליאָן האָבן נאָך ניט פאַראויסגעזען, אַז אין זייערע הענט איז אַריינגעפאַלן דער טראַגישסטער קרבן פון וועלט-קריג, ביי וועלכן עס האָט זיך יענעם אָווגט אָנגעהויבן דער צווייטער גלגול אין זיין לעבן.

מערקווירדיק, אַז מענטשן קענען זיך צופּאַסן צו אַלערליי צרות. די איינוואוינער זיינען שוין געווען געוואוינט צו דער מלחמה און ניט אַלע זיינען געלעגן באַהאַלטן אין זייערע הייזלעך. פיל פון זיי האָבן אַפילו געאַרבעט אויף די פעלדער.

שפּעטער האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויספאָרשונג וועגן דעם, וואו עס איז געבליבן דער גרויסער אָבאָז. איינער האָט געוואָרפן די שולד אויפן אַנדערן און צו קיין טאָלק איז מען ניט געקומען. אויף מאָרגן האָבן מיר ווידער אָנגעיאָגט אַ גאַנצן באַטאַליאָן פוסגייער און נאָך אַ קאַמף האָט מען זיי גענומען אין געפאַנגענשאַפט.

דעם 7-טן יוני האָב איך געהאַט אַ סך אַרבעט באַם פאַרבינדן און אָפּשיקן די פאַרוואונדעטע. אַ הונגעריקער און אַ פאַרמאַטערטער בין איך געריטן ווייטער, אָניאָגנדיק דעם פּאָלק. מיין קאָזאַק און מיינע סאַניטאַרן האָבן געהאַט פיל עסטרייכישע קאָנסערוון און האָבן עס מיט גרויס אַפּעטיט געגעסן. איך האָב אָבער די איינגעמאַרענירטע קרויט מיט פלייש ניט געקאָנט עסן. ווען איך בין פאַרביי געריטן אַ רומענישע צערקווע, איז מיר אַנטקעגן אַרויסגעגאַנגען אין יום-טובדיקע בגדים דער פּאָפּ און האָט מיר פאַרבעטן צו אים אין שטוב. גערעדט האָבן מיר דייטש. דער פּאָפּ האָט זיך זייער אינטערעסירט מיטן גאַנג פון די איצטיקע קריגס-אָפּעראַציעס. איך ווידער האָב זיך נאָכגעפרעגט אויף דער לאַגע אין עסטרייך און דייטשלאַנד, וועגן די שטימונגען אין לאַנד, וועגן דער שפּייז-פראַגע אין די לענדער, וועלכע זיינען געווען אָפּגעצאַמט פון אונז מיט אַן אייזערנער וואַנט. ווי איך האָב זיך דערוואוסט, איז אין בוקאָווינע נאָך קיין גרויסער מאַנגל אין לעבנס-מיטלען ניט געווען. פון פאַרבאַפטן עסטרייכישן אָבאָז איז געווען צו זען, אַז די אַרמיי איז באַזאָרגט מיט אַלץ. אין די פּריוואַטהייזער איז געווען גענוג צו עסן. מען האָט מיקמכבד געווען מיט געבראָטענע הינדעלעך. נאָכן עסן האָב איך זיך אַביסל אָפּגערוט, באַדאַנקט דעם בעל-הבית פאַר דער שיינער אויפנאַמע און געריטן ווייטער. אָנגעיאָגט דעם פּאָלק האָב איך ניט ווייט פון ראַדאוץ. די עסטרייכער האָבן האַרטנעקיק פאַרטיידיקט די שטאָט, זיי האָבן פון די הייזער געשאָסן מיט קוילנוואַרפערס און דאָס באַזעצן די שטאָט האָט אונז געקאָסט פיל קרבנות. עס איז פאַרוואונדעט געוואָרן אַן אָפיציר פון דעם קייזערלעכן קאָנוואָי און מערערע קאָזאַקן זיינען געהרגעט און פאַרוואונדעט געוואָרן.

דעם 8-טן יוני אינדערפרי האָבן מיר געדאַרפט ציען אונזער וועג ווייטער, אָבער דער פירער פון אונזער פּאָלק, פּאָלקאָווניק זשוקאָוו, האָט זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו גיין, מאָטיווירנדיק דאָס דערמיט, אַז

מיר האָבן גרויסע פאַרלוסטן, אַז די מענטשן און די פערד זיינען מיד און נויטיקן זיך אין אָפּרו, און אַז מיט אַזאַ אויסגעמאַטערטער מיליטער־גרופּע קען מען ניט פאַרפאָלגן דעם שונא, וועלכער קריגט נייע פאַרשטאַרקונגען. דעמאָלט איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז פּאָלקאָווניק זשוקאָוו זאָל איבערגעבן די אָנפירונג דעם וואַיסקאָוואָי סטאַרשינא קארין און אַז מען זאָל גיין ווייטער. פּאָלקאָווניק זשוקאָוו האָט זיך געווענדעט צו מיר מיט אַ מעלדונג, אַז ער איז קראַנק, און אַפּן סמך פון אַן אַלטער כראָנישער קראַנקייט האָב איך אים אַרויסגעגעבן אַ סאַניטאַרן־בילעט. ער איז אָפּגעפאָרן קיין נאָוואָסעליצע, און זיך הערוויסנדיק אין עטלעכע טעג אַרום וועגן נייע זיגן פון אונזער אויסגעמאַטערטן מיליטער, האָט ער זיך געשטעלט אַף די קני באַם טיש פון זיין צימער און האָט זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין מויל, אַזוי האָט זיך טרויעריק געענדיקט די קאַריערע פון פליגל־אַדיוטאַנט פון זיין מאַיעסטעט.

מיר האָבן פאָרגעזעצט אונזער פאָרמאַרש, און דעם 8־טן יוני קעגן אָוונט זיינען מיר נאָך לייכטע קאַמפן מיט דער עסטרייכישער אַרטילעריע, וועלכע האָט אונז געשטערט און טאָרמאָזירט די באַוועגונג, אָנהויבנדיק פונם טייך פּרוט אַריין אין גוראַהומאָרא. גלייך נאָך אונזער אָנקום איז אַריין אין שטאָט דער גאַנצער קאָרפּוס אונטערן אָנפירונג פון גראַף קעלער, וועלכער האָט אין קאָלאָמייער געגנט גאַרנישט ניט אופגעטאָן און איז שנעל אַראָפּגעקומען אַהער צו נעמען אַ חלק אין אונזערע נצחונות. שוין גלייך אינאָוונט האָט זיך געהערט, ווי עס טראַסקען די טירן מיט די פענסטער פון די דערבייאיקע געשעפטן. פונם באַלקאָן האָט זיך דערזען, ווי דראַגונער און קאָזאַקן ברעכן די טירן פון די קראָמען. איך האָב עס גלייך געמאָלדן אונזערע אָפיצערן, וועלכע זיינען אַרויס פון באַלקאָן און האָבן אָנגעהויבן שיסן. דער ציטוויליקער קאָמענדאַנט האָט פאַראָרדנט צו אַרעסטירן די איינברעכער. אין דעם מאָמענט בין איך געווען גליקלעך מיט מיין לאַגע אין קאָזאַקן־פּאָלק. פאָרנדיק אין פּאָלק האָב איך אַפילו ניט פאַנטאַזירט, אַז איך וועל זיך אַזוי גוט איינלעבן מיט די קאָזאַקן און האָבן אַף זיי אַזאַ ווירקונג.

אָבער מיין שמחה איז נישט געווען אַף לאַנג. די אַרעסטירטע זיינען באַלד דורכן באַפעל פון קאָרפּוסנעם קאָמאַנדיר גראַף קעלער באַפרייט געוואָרן. ווי עס איז נאָר באַוואוסט געוואָרן די שטעלונג פון גראַף קעלער צו די רויבערייען, האָבן אונזערע אָפיצערן זיך מער ניט אינטערעסירט מיט דער גאַסן־אָרדנונג און עס איז אַוועק אַ פרייע אומגעשטערטע



## א פאַרלאָרענער מענטש

צומאָרגנס האָט מען דעם אומבאַקאַנטן גענומען ווידער אַף אַ שפּריינגן, לאַנגן פאַרהער. אָבער דער רעזולטאַט איז געווען דער זעלבער, ווי אין אָוונט. גאָרניט האָט מען פון אים געקאָנט דערגיין. און ביסלעכווייז איז אָפּגעפאַלן דער חשד, אַז ער „מאַכט זיך“ פאַר אַ משוגענעם. מען האָט אים אָפּגעשיקט אין שפּיטאָל.

אין דער בהלה פון קריג האָבן אויך די דאָקטוירים, אין אָנהויב, ניט געגלויבט דעם אומגליקלעכן און געלייגט גאָר ווייניק אַכט אַף דעם, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין ווידערהאָלן: „איך ווייס ניט!“ עס איז אָבער אָנגעקומען אַ דאָקטאָר גלייך פון קריגס־פראָנט, וועלכער האָט זיך אָנגעזען פיל שרעקלעכע פאַלן און געהאַט מער רחמנות. ער האָט מיטגעפילט מיט דעם מאָדנעם סאָלדאַט, וואָס האָט זיך געטרייסלט פון פיבער, און האָט געהייסן אַריינלייגן אים אין בעט און שטאַרק פלעגן.

דער דאָקטאָר האָט פאַראָרדנט, אַז מען זאָל דעם קראַנקען געבן אַסך צו עסן, זען, אַז עס זאָל אים זיין שטאַרק וואַרים און אַז אַרום אים זאָל זיין פולשטענדיק רואיק.

מען האָט גענומען זוכן אין די שמאַטעס, וואָס דער סאָלדאַט האָט געטראָגן אַף זיך. קיין שום שטיקל דאָקומענט, וואָס זאָל ארופפירן אף דעם מינדעסטן שפּור, אַז מען זאָל קאָנען דערגיין, ווער ער איז.

מען האָט נאָר געהאַט פאַר זיך דעם אומגליקלעכן קראַנקן סאָלדאַט, וואָס האָט געהאַט אַף זיך האַלב־פאַרהיילטע וואונדן אף אייניקע טיילן פון קערפּער, און וואָס האָט כסדר געפיבערט.

עס זיינען דורך צוויי וואָכן, און מען האָט געגלויבט, אַז דער אָרימער פילט זיך שוין אַביסל מער ביי די כוחות. אַ מיליטערישער דאָקטאָר האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין בעט און מיט אים גענומען שטיל ריידן:

— דערצייל מיר, דערצייל אַביסל פון דיין לעבן. לאַנגזאַם, שטיל... רעג זיך ניט אוף... באַטראַכט זיך... דערצייל...

דער דאָקטאָר האָט אים געוואָלט איינגעמען. האָט זיך באַמיט צו געווינע

זיין צומרוי, האָט געגלויבט, אַז אָט־אָט וועט דער מוח פון דעם קראַנקען ווידעראופבליען און ער וועט אָנהויבן ריידן, ווי יעדער מענטש.

אָבער אומזיסט איז געווען די גאַנצע מי. דער דאָקטאָר האָט ניט געקאָנט ארויסבאַקומען פון דעם אומגליקלעכן מער, וויפיל דער אַדיוטאַנט אף דער באַנסטאַנציע האָט פון אים אַרויסגעקראָגן יענעם ערשטן אָוונט.

— איך ווייס ניט... איך ווייס ניט...— איז געווען דער זעלבער ענטפער.

דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן מער ריידן, אָבער אַלץ האָט מען ניט געקאָנט דערגיין פון אים קיין קלאָרעס. אף דער פראַגע ווער ער איז, ווי ער הייסט, פון וואַנען ער שטאַמט — האָט ער ווייטער ניט געגעבן קיין שום ענטפער.

— איך ווייס ניט... איך שווער, אַז איך ווייס ניט...

ער האָט אויך געזאָגט, אַז ער ווייסט ניט גענוי, וואָס עס האָט זיך אָפגעטאָן מיט אים יענעם אָוונט אף דער באַנסטאַנציע. ער האָט גערעדט עפעס צורודערטע, אָפגעריסענע ווערטער. נאָר איין נאָמען האָט זיך ביי אים דורכגעוואָרפן צווישן די פאַרשיידענע פראַזן, פון וועלכע איינע האָט אָפט ווידערשפּראָכן די צווייטע, און מען האָט פון אַלעם געקאָנט זייער ווייניק פאַרשטיין. דער דאָזיקער נאָמען האָט געקלונגען: מאַנזשען.

— פאַרוואָס דערמאָנסטו אַזוי אָפט מאַנזשען? דו הייסט מאַנזשען?

— ניין, עס גלוסט זיך מיר נאָר אַזוי זאָגן: מאַנזשען. אָבער דאָס איז ניט מיין נאָמען.

עס האָט זיך אים עפעס געפלאָנטערט אין קאָפ אַ געשיכטע, אַ צוהיצטער חלום, וואו דער נאָמען מאַנזשען איז געווען אַריינגעמישט. און אַזוי האָט ער געהאַלטן אין איין פלאַפלען דעם דאָזיקן אומפאַרשטענדלעכן נאָמען.

דער אַלטער דאָקטאָר האָט אים ווייטער געפרואווט באַרואיקן:

— הער מיך אויס... דו קומסט דאָך אוודאי פון דייטשער געפאַנגענשאַפט, דורך דער שווייץ, דו האָסט זיך שוין גענוג אָנגעליטן, און מען וועט דיר מער אַפן פראָנט ניט שיקן, אַז דו וועסט זיך

פלינדעריי פון אידישע געשעפטן און פריוואַט־הייזער.

דעם 9־טן יוני אינדערפרי בין איך אַרויס אין גאַס און איך האָב דערזען אַ שרעקלעכן בילד: די געשעפטן אופגעבראָכן, אַף די טראָטואַרן האָבן זיך געוואַלגערט נייע שיך, היט, ווייסציג, זייד און נאָך אַנדערע קרעמערישע אַרטיקלען, און אינעווייניק אין די קראָמען האָבן געווירטשאַפט דראַגונער און קאָזאַקן. איך בין אַריין אין אַן אַפטייק, אַלץ איז געווען פונאַנדערגעוואָרפן. די הויפט זאַך האָט מען געזוכט רפואות פאַר ווענערישע קראַנקהייטן. די זוכערס זיינען געווען די פעלדשערס. לעבן אַפטייק איז געווען אַ דראָגן־געשעפט, און דאָרטן איז אויך אַלץ געווען צעוואָרפן, פאַרשיידענע פאַרבן אויסגעשאָטן. אין פריוואַט־וואוינונג פון אַפטייקער האָבן זיך אַף די דילן געוואַלגערט דעם אַפטייקערס קליידער, וועש און שיינע אויסגעשטיקטע קישעלעך. אַפן גאַס האָט אַ איד געוויינט, אַז די קאָזאַקן האָבן מיט געוואַלט אַוועקגעפירט זיין טאָכטער. איך מיט נאָך אַ קאַזאַק־דאָקטאָר זיינען געגאַנגען זוכן זיין טאָכטער, אָבער מיר האָבן זי ניט געפונען. אין אַ ווילע אַרום איז צו מיר צוגעגאַנגען אַן אָרימער, איינגעהויקערטער אידישער שניידער, און פון זיינע קראַנקע אַנטצינדעטע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן. ער האָט זיך ביי מיר געבעטן רחמנות האָבן אַף אים און אים העלפן. ווייל מען נעמט ביי אים אַוועק די לעצטע העמד. איך בין גלייך מיט אים אַוועק אין זיין אָרימער שטיבעלע און איך האָב דערזען ווי צוויי דראַגונער פאַקן אין אַ זאַק פאַרשיידענע בעבעכעס. איך האָב די דראַגונער אַ פרעג געטאָן, אויב זיי זיינען פון זינען אַראָפ, ווייל אין גאַס וואַלגערט זיך זיידנס און פליוש און זיי קומען צום אָרימען אידל אַוועקנעמען די לעצטע ביסל קאָלדרעס. און זייענדיק אופגערעגט, האָב איך איינעם פון זיי דערלאַנגט מיטן שטעקל איבערן קאָפ. די דראַגונער זיינען גלייך אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק דעם זאַק מיט די בעבעכעס. איך האָב לאַנג געטראַכט און נישט געקאָנט פאַרשטיין, וואָס פאַר אַ סיבה האָט באַוועגט די דראַגונער צו ראַבעווען קאָלדרעס אין דער צייט, ווען אַפן גאַס האָבן זיך געוואַלגערט טייערע זאַכן. מעגלעך אַז די געוואוינהייט צו ראַבעווען האָט זיי געבראַכט דערצו; די זאַכן, וועלכע זיינען געלעגן אַפן גאַס, האָבן זיי מער ניט געבייצט, ווייל זיי האָבן ניט געהאַט קיין באַלעבאָס.

די שטימונג אין שטאָט איז געווען אַ שוידערהאַפטע. אידן האָבן נישט געוואוסט, וואו צו באַהאַלטן זייערע טעכטער. צו מיר האָבן זיך איניקע געווענדעט נאָך הילף. איך האָב זיי געראַטן צו נעכטיקן אין אַ צימער, וועלכער איז געווען אין שכנות מיט

מיינעם. זיי האָבן אַזוי געטאָן און קיינער האָט ניט געוואַגט זיי אָנצורירן. וואָס עס האָט פּאַסירט מיט זיי נאָך מיין אַוועקגיין, ווייס איך ניט, נאָר אין געפערלעכסטן מאָמענט האָב איך זיי באַשיצט.

דעם 10־טן אינדערפרי זיינען מיר געריטן ווייטער. גראַף קעלער האָט, ווי איך האָב פאַרשטאַנען, באַוואוסטזיניק געוואָלט באַפרידיקן די רויבדורשטיקע אינסטינקטן פון זיינע סאָלדאַטן און האָט אָפּגעגעבן אין זייער רשות די שטאָט. נאָר וועלנדיק באַהאַלטן זיינע שיינע מעשים, האָט ער געהייסן די שטאָט אונטערצינדן. נאָך רייטנדיק איבער די גאַסן פון גורא־הומאָרא האָבן מיר שוין געזען, ווי פלאַמען האָבן גענומען אַרומכאַפּן די געביידעס און באַלד איז אַנטשטאַנען אַ ים פון פייער און רויך, וועלכער האָט פאַרטיליקט די שפּורן פון די עקלהאַפטע רויבערייען פון די קאָזאַקן. מען האָט שפּעטער פאַרשפּרייט פאַרשיידענע ווערסיעס, כדי צו באַרעכטיקן די ווילדע אַרבעט פון גראַף קעלער. מען האָט דערציילט, אַז כלומרשט די עסטרייכער האָבן געכאַפּט עטלעכע קאָזאַקן און מען האָט זיי אויסגעשניטן די צינגער און נאָך אַזעלכע באַבעמעשיות, און דעריבער האָט זיך גראַף קעלער אָפּגערעכנט מיט גורא־הומאָרא. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אונזער בראַווער גענעראַל האָט אַמאָל צוגעזאָגט די קאָזאַקן זיי צו געבן די מעגלעכקייט זיך פאַנאַנדערצוהוליען איבער בוקאָווינע, און אַלס דזשענטלמען האָט ער איצט זיין וואָרט געהאַלטן.

אַ כפּרה די שטאָט מיט אירע מויערן און געשעפטן; מען דאַרף דאָך פאַרשאַפן פאַרגעניגן די סאָלדאַטן, מען דאַרף דאָך אויך אַרופּיאָגן אַ שרעק אַף די איינוואוינער. אין די העכערע רוסישע ספערן האָט ער געוויס אויסגענומען, וואָס מער מערדער, און אַכזר, אַלץ אַ בעסערער גענעראַל.

די צרות פון די איינוואוינער און איבערהויפּט פון די אידן, זיינען געווען מוראדיקע. אַלץ הפקר, מען ברעכט די טירן, עס קלינגען די צובראָכענע שויבן, עס טראַסקען די פענסטער, סחורות פליען פון די פּאַליצעס און וואַלגערן זיך אַף די טראָטואַרן. מען קלייבט זיך אויס דאָס בעסטע און דאָס איבעריקע ווערט צוטראָטן און אַריינגעוואָרפן אין רינשטאָק; מען מוז אויסבאַהאַלטן די טעכטער פון פאַרגוואַלטיקונג און ניט אַלעמען געלינגט עס, און ווען עס איז דאָך נאָך געבליבן אַ שטוב מיט אַ דאַך איבערן קאָפּ, ווערט דאָס אומברחמנותדיק פאַרברענט.

דעם 10־טן יוני נאָכמיטיק האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט ניט ווייט פון קימפּאַלון און מיר האָבן אָנגעהויבן צו באַשיסן די שטאָט פון האַרמאַטן. די עסטרייכישע אַרטילעריע האָט געענטפערט. באַלד האָבן די רייטער־טיילן גענומען אָנגרייפן די

באַהערשן, אַז דו וועסט ווערן מיט אַלע מענטשן גלייך, וועט מען דיך אָדער האַלטן אין קאַזאַרמע ביז ענדע קריג, אָדער דו וועסט גאָר קאָנען אָפּפאָרן גלייך אַהיים. ווילסטו ניט צוריקקערן זיך אַהיים? דו דאַרפסט נאָר זאָגן, ווי דו הייסט!

דער אומגליקלעכער האָט געוואָרפן אַ צורודערטן בליק אַף דעם דאָקטאָר און האָט זיך צעוויינט... אפשר האָט ער יאָ פאַרשטאַנען, און אפשר ניט — אַז ער דאַרף נאָר דערמאָנען זיין ריכטיקן נאָמען; וועט ער זיין אַ גליקלעכער, אייגענער פון די ווייניקע גליקלעכע אין דער שווערער קריגס־צייט. אָבער ער האָט ניט געקאָנט אָנכאַפּן זיין גליק. ער האָט זיך געמאַטערט, ער האָט זיך געראַנגלט — און ניט געקאָנט. האָט ער זיך צעוויינט. און לאַנג, לאַנג האָט ער געכליפּעט, אַרויסגעבנדיק דורך די טרערן עפּעס אומפאַרשטענדלעכע קולות.

מען האָט אים געשטעלט אונטער אַ מעדיצינישער אויפזיכט. עס איז אַליין נאָך געווען אַ פאַרדאַכט, טאָמער מאַכט ער גאָר אַזאַ אָנשטעל, טאָמער שפּילט ער גאָר די ראָל פון אַ משוגענעם, בכדי ער זאָל זיך אַרויסדרייען פון קריג. צוויי מאָנאַטן איז ער געווען אונטער דער אויפזיכט. און דערנאָך האָבן די דאָקטוירים שוין אַף זיכער באַשלאָסן, אַז דער אומגליקלעכער איז טאַקע אמת קראַנק, אַז ער האָט פאַרלאָרן דעם זכרון אין קריג, אַז עס האָט אים געטראָפן די שווערע קראַנקהייט, וואָס הייסט אַמנעזיע (פאַרלוסט פון זכרון), און אַז ער איז ווירקלעך אַ פאַרלאָרענער מענטש אַף דער וועלט.

מען האָט שוין ניט געגלויבט, אַז פון אים אַליין זאָל מען זיך נאָך קאָנען דערוויסן, ווער ער איז.

## דער קריג האָט זיך געענדיקט, אָבער ניט פאַר אים

מען האָט ראַן גענומען אויספאָרשן, וואָס עס קאָן באַדייטן דער נאָמען מאַנזשען, וועלכן דער אומגליקלעכער האָט פון צייט צו צייט ווידערהאָלט. דאָס איז געווען דער איינציקער און לעצטער שפּור. זאָל דאָס זיין דער איי־

גענער נאָמען זיינער, אָדער האָט זיך אַזוי גערופן זיינער אַ נאָענטער קריגס־חבר? און אפשר דאַרף עס גאָר באַדייטן, אַז ער געהערט צו דער אַרמיי פון דעם באַקאַנטן פראַנצויזישן גענעראַל מאַנזשען? עס זיינען דאָ געווען אַזויפיל סברות, אַז מען האָט זיך אויך אין דעם שפור פאַרלאָרן. און די גאַנצע אויספאָרשונג האָט צו גאָרניט געבראַכט.

דער אומגליקלעכער האָט דאַן אָנגעהויבן וואַנדערן פון איין שפיטאָל אין אַנדערן, אַלס אַ סאָלדאַט אָן אַ נאָמען... מען האָט געהאַט מיט אים דעם גרעסטן מיטגעפיל. מען האָט אים געגעבן דאָס בעסטע און דאָס שענסטע, וואָס מען האָט נאָר געהאַט אין יענער שווערער קריגס־צייט. מען האָט אים געוואָלט מיט עפעס העלפן. אָבער האָט מען אים דען שוין געקאָנט העלפן? די צייט איז געלאָפן, אויך דער שווערער, שרעקלעכער קריג איז פאַרביי, די גליקלעכע שעה פון וואָפנשטילשטאַנד האָט געשלאָגן. אַלע גלעקער האָבן זיך צוקלונגען, אַלע מענטשן האָבן זיך דערפרייט, אַלע הערצער האָבן זיך אויסגעוואַרימט מיט גליקלעכע האָפנונגען, אופגעשיינט האָבן די פאַראומערטע געזיכטער פון די קראַנקע סאָלדאַטן אין די שפיטאָלן. מען האָט געטרונקען „לחיים“, מען האָט געיובלט, מען האָט געטאַנצט פאַר פרייד — די רעטונג, די אויסלייזונג איז געקומען, מען פאָרט אַהיים, צו ווייב און קינד, צו טאַטע־מאַמע!

באַלד זיינען די מיליטערישע שפיטאָלן אויסגעליידיקט געוואָרן. פאַרשוואונדן זיינען די סאָלדאַטן־קליידער. ווי אין די אַלטע „גוטע“ צייטן, האָבן זיך אין די שפיטאָלן באַוויזן נאָר ציווילע קראַנקע. אינגאַנצן געענדערט האָט זיך דאָס אויסזען פון שפיטאָל, דאָס לעבן אין דעם קראַנקען־הויז. אַ נייע צייט איז געקומען, גאָר אַן אַנדערע עפאָכע. און נאָר איינער איז נאָך פאַרבליבן פון „פריער“ — דאָס איז געווען דער אומגליקלעכער פון אַלע אומגליקלעכע קרבנות פון קריג, דער סאָלדאַט, וואָס האָט פאַרלאָרן זיין נאָמען... ער האָט נישט געהאַט, וואוהין צו גיין, מען האָט

שטאָט, און נאָך אַ צוויי־ שעהדיקן קאַמף האָבן זיך די עסטרייכער אונטערגעגעבן. דאָ זיינען ווידער אַריינגעפאַלן אין אונזערע הענט פיל געפאַנגענע פוסגייער, פערד, האַרמאַטן, קוילן־ וואַרפער און פיל אַנדערע קריגס־ מכשירים. און אַזוי איז אונזער פאָלק נאָך אַ פעריאָד פון אָנדערהאַלבן יאָר פון שווערע מלחמה־ טעג, פון מוראדיקע איבערלעבונגען און פון פיל פאַרלוסטן, ווידער אַריין אין קימפאַלונג. דאָס מאָל זיינען אַריין אין שטאָט ניט נאָר מיר אַליין, נאָר אַ גאַנצער קאָרפּוס רייטער מיט פיל אַרטילעריע, וועלכע האָבן אָנגעהערט צום קאָרפּוס. איך האָב געהאַט אַ גרויסן טראַנספּאָרט פון פאַרוואונדעטע, וועלכע איך האָב מיטן עלטסטן פעלדשער אָפּגעשיקט אין שטאָטישן לאַזאַרעט און אַליין בין איך אַף אַ ווייל אַריינגעלאָפן צו מיינע אַלטע באַקאַנטע, צו מיינע סימפּאַטישע באַלעבאַטים פון 1914־טן יאָר. אין דער ערשטער ווילע אַפן הויף זיינען שוין געשטאַנען דאָנער קאַזאַקן, און אין די צימערן זיינען געווען דאָנער קאָזאַקן־ אָפיצערן. ווי איך בין נאָר אַריין אין צימער, איז צו מיר צוגעלאָפן די אַלטע מוטער, האָט מיר אַרומגענומען און געזאָגט, אַז ווען איר אייגענער זון, וועלכער דינט אין דער עסטרייכישער אַרמיי וואָלט געקומען וואָלט זי זיך נישט מערער דערפרייט ווי מיט מיר, און אַז זי דאַנקט גאָט, וואָס זי זעט מיך אַ לעבעדיקן און אַ געזונטן.. אין שטוב איז געוואָרן אַ שמחה. מען איז געלאָפן אָנזאָגן אין דער צווייטער ווילע, אַז איך בין דאָ. די קאָזאַקן־ אָפיצערן האָבן פאַרוואונדערט אָנגעקוקט די גאַנצע סצענע, אָבער איך האָב זיי באַלד דערקלערט, אַז איך האָב שוין בא די זעלבע באַלעבאַטים געוואוינט אין 1914 יאָר. איך האָב זיי רעקאָמענדירט אַלס זייער אָרנטלעכע מענטשן און האָב זיי געבעטן אופפאַסן, אַז די קאָזאַקן זאָלן זיי ניט אָנטאָן קיין שאָדן.

דער טאָג איז געווען אַ שווערער פאַר קימפאַלונער אייטוואוינער, ווייל מען האָט שטאַרק באַשאָסן די שטאָט און עס זיינען געווען קרבנות אונטער דער באַפעלקערונג. איך בין באַלד אַוועק אין לאַזאַרעט. דאָרטן האָב איך געהאַט אַרבעט בא די פאַרוואונדעטע. איין קאָזאַק האָט געהאַט אַ בויך־שאָס און דורך דער וואונד האָבן אַרויסגעשפּאַרט די געדערים. דער פאַרוואונדעטער האָט שווער געקרעכצט, זיין פנים איז געווען בלאַס, די אויגן איינגעזונקען.

די עסטרייכישע שדים — זאָגט ער צו מיר מיט אַ שוואַכער שטים — האָבן אַליין ניט געוואָלט אָפּגעבן די קוילנוואַרפער, און זיך טראָגנדיק צו זיי מיטן בלויזן שווערד אין האַנט האָבן זיי מיר די נידערטרעכטיקע געטראָפן אין בויך. נעבן אים זיינען געלעגן צוויי קאָזאַקן מיט דורכגעשאָסענע קעפּ.

איינער פון זיי האָט געכאָרכלט. אין אַ צווייטן צימער זיינען געלעגן קאָזאַקן מיט דורכגעשאָסענע לונגען, מיט דורכגעלעכערטע אורין־בלאָזן, מיט דורכגעשאָסענע קני און מיט צעריסענע שענקלוואונדן.

גערולדיק האָבן זיי איבערגעטראָגן זייערע יסורים, נאָר קוקנדיק אַף זיי האָט מען געזען, אַז די יסורים זיינען געוואַלטיקע. די אַלע, וועלכע האָבן נאָך ניט געהאַט פאַרלאָרן דעם באַוואוסטזיין, זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט צאָרן אַפן פיינט, וועלכער האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבן.

דעם 11־טן יוני האָבן מיר זיך גערוט אין קימפּאַלון. איך האָב באַקומען אַ מתנה פון קאָמאַנדיר פון דער ערשטער סאָטניע זאַלאַטאַרעוו אַ שיינעם רייט־פערד, וועלכן ער האָט צוגענומען ביי אַן עסטרייכישן אָפיצער. דער קאָמאַנדיר זאַלאַטאַרעוו איז געווען אַ זעלטנהייט צווישן די איבעריקע אָפיצערן. אַ מענטש, וועלכער איז מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן געווען דעם פאָטערלאַנד, ניט האָבנדיק אין זינען וועלכע עס איז פּערזענלעכע נוצן און זיך ניט נאָכיאָגנדיק נאָך ראַנגען און קרייצן, ווי אַלע איבעריקע אָפיצערן. ער איז געווען אַ מאַן פון די פערציקער יאָרן אַ גוטס־באַזיצער. ער האָט איבערגעלאָזן זיין גאַנצע ווירטשאַפט און איז פרייוויליק אַוועק אין קריג. דעם געהאַלט, וועלכן ער פלעגט קריגן, פלעגט ער ניט פאַרברויכן פאַר זיך; און ער פלעגט עס אָפּגעבן צו פאַרבעסערן דאָס עסן פון זיין סאָטניע. די קאָזאַקן האָבן אים ליב געהאַט ווי אַ פאָטער. זיין סאָטניע איז געווען אַ מוסטערהאַפטע. צו קיינע רויבערייען האָט ער ניט דערלאָזן, שפּעטער איז דער אָפיצער, וועלכן מען האָט אין פאָלק גערופן דער "הייליקער" געפאַלן אין קאַמף ביי קירילי באַבא. זעענדיק זיין צושמעטערטן קערפּער, האָב איך זיך ניט געקאָנט צוריקהאַלטן פון טרערן. צו דער צייט, האָט די רוסישע אַרמיי, ניט קוקנדיק אַף די געוואַלדיקע מפּלות — זיך געפונען אין אַ בעסערער אָרדנונג ווי פריער. די פוסגייער־טיילן האָבן געהאַט גענוג ביקסן די אַרטילעריע האָט געהאַט אַ סך סנאַריאַדן. עס זיינען אויך געווען פיל האַרמאַטן און אַעראָפּלאַנען. אין נאָוואָסעליצער געגנט זיינען געשטאַנען אייניקע באַטאַליאָנען קאָזאַקן פוסגייער. די קאָזאַקן־טיילן האָבן זיך גערופן "פּלאַסטוני" און זיי זיינען געווען צוזאַמענגעשטעלט פון קובאַנער קאָזאַקן. זיי האָבן געבילדעט די אַזוי גערופענע אייזערנע באַטאַליאָנען און זיי האָט מען געשיקט אין די געפערלעכסטע ערטער, איבערהויפּט קעגן די דייטשע פוסגייער. שפּעטער זיינען די ווערטער "אייזערנע", "שטאָלענע" געוואָרן זייער מאָדערן, און



ניט געוואוסט וואוהין אים צו שיקן — האָט מען אים געמוזט איבערלאָזן אין שפּיטאָל. מען האָט אויך אים "דעמאָביליזירט", מען האָט אויך אים אַריינגעפירט אין דער נייער עפּאָכע, אין דער שלום־צייט, מען האָט אים אויסגעטאָן די סאָלדאַטן־קליידער און געגעבן ציווילע מלבושים. אָבער ער האָט אויסגעזען גאָרניט צו פילן, גאָרניט צו פאַרשטיין...

די מלחמה האָט זיך פאַרענדיקט, אָבער דאָס אומגליק פון דעם "סאָלדאַט אָן אַ נאָמען" האָט זיך ערשט אָנגעהויבן.

## צען מאַמעס, צוואַנציק פרויען, פערציק ברידער און שוועסטער...

מען האָט אים אַריבערגעפירט אין אַן אַזיל פאַר גייסטיק־קראַנקע, וואו ער געפינט זיך ביז היינטיקן טאָג, שוין זיבעצן יאָר...

און דאָ האָבן זיך גענומען מעלדן אומגליקלעכע מאַמעס, פאַרלאָזענע פרויען, וועמעס קינדער, וועמענס מענער זיינען ניט צוריקגעקומען פון וועלט־קריג, און מען האָט ניט געוואוסט, וואו זיי זיינען אַהינגעקומען. עס איז דערגאַנגען צו די אומגליקלעכע, אַז אין דעם אַזיל געפינט זיך אַ פאַרלאָרענער סאָלדאַט פון וועלט־קריג, וואָס ווייסט ניט, ווער ער איז און עס האָט אויפגעוואַכט ביי זיי אַ האָפנונג: אפשר איז ער זייערער!...

וואָס אַ חודש און שפּעטער, וואָס אַ וואָך האָט דער דירעקטאָר פון דעם אַזיל באַקומען נייע ביטעס פון מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט אָנקוקן דעם קראַנקען.

די ערשטע האָט זיך געמאָלדן אַ פאַמיליע, וואָס הייסט מאַזענק. ביי דער פאַמיליע איז פאַרלאָרן געוואָרן אַ זון אין קריג. זיי האָבן זיך דערוואוסט וועגן דעם קראַנקען, און עס זיינען אין איין פרילינג־טאָג אַראָפּגעקומען אין אַזיל אַ מאַמע מיט איר טאָכטער און איידעם. מען האָט אַרויסגעפירט דעם געוועזענעם סאָלדאַט. ווען מען האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער האָט אַזאַ וויכטיקן וויזיט, האָט מען באַמערקט אַף אים אַליין אַ ציטער. האָט אין אים אויך אופגע־

בליצט אַ געדאַנק, אַז אָט־אָט קאָן זיך ענדיקן זיין טראַגעדיע, האָט אויך זיין קראַנקען מוח דורכגעשניטן אַ שיין פון האָפנונג? ווער ווייסט?

אָבער ווען ער איז ארויסגעקומען, האָט ער אָנגעקוקט די צוויי פרויען און געלאָזט הייגען אַ טעמפן בליק אַף זיי. זיין ציטער איז פאַרביי. ער איז געווען גלייכגילטיק, ווי פריער. און די צוויי פרויען האָבן זיך אַרומגעדרייט אַרום אים מיט מורא.

— איז עס ער? יאָ, יאָ, עס איז ער...

— האָבן זיי זיך נאָך אַליין געפרואווט איינרײדן, כאָטש געגלויבט האָבן זיי שוין ווייניק.

דער דירעקטאָר האָט עס געמאַכט קורץ און שאַרף. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער וועט שוין איצט זייער אָפט האָבן אַזעלכע סצענעס. ער האָט געהאַט נאָך פריער צוגעגרייט די אַקטן פון דעם פאַרשוואונדענעם סאָלדאַט מאזענק, וואָס ער האָט אַרויסגעפאָדערט פונם אַרכיוו אין פאַריז. ער האָט געעפנט די אַקטן פאַר די אויגן פון דער אומגליקלעכער מאַמע מיט איר טאָכטער און איידעם. און ער האָט זיי לײדער געמוזט באַווייזן, אַז אַלע סימנים זיינען קעגן דעם, אַז דער סאָלדאַט אָן אַ נאָמען זאָל זיין זייער זון און ברודער. קיין שום איינצלהייט האָט ניט געשטימט. ניט די הויך, ניט די באַזונדערע צייכנס אַפן קערפּער. און די פאַמיליע מאַזענק האָט געמוזט אַוועקגיין אַ פאַרצווייפלטע. די אומגליקלעכע מאַמע איז באַלד געשטאָרבן פון עגמת־נפש. זי האָט ניט איבערגעהאַלטן די נייע טראַגעדיע אין איר לעבן.

ביים היינטיקן טאָג זיינען פאַראַן פינף און צוואַנציק משפחות, וואָס שטייען ניט אָפּ, וואָס זיינען יעדע באַזונדער זיכער ביי זיך, אַז דער קראַנקער איז „זייערער". און זיי קעמפן דערפאַר איינע מיט דער אַנדערע. עס ציט זיך אַ טראַגישע מחלוקות, עס קומען פאָר האַרצרייסנדע סצענעס — און דער דירעקטאָר פון שפּיטאָל קוקט אַף זיי אַלעמען מיט גרוים רחמנות, ווייל דער קראַנקער געהערט ניט און וועט שוין ניט געהערן צו קיינעם פון זיי...

פון די דאָזיקע פינף און צוואַנציק פאַמיליעס זיינען פאַראַן צען פרויען, וואָס



פאָלקן, דיוויזיעס און קאָרפּוסן פלעגן זיך קרוינען מיט די נעמען. די איינפאַכע קאָזאַקן האָבן געקוקט אַפן קריג ווי אַף אַ נאָרמאַלע דערשיינונג. נאָר איין זאַך האָט זיך זיי אַרויסגעוויזן משונהדיק — וואָס דער פיינט לאָזט זיך ניט באַזיגן. די קאָזאַקן זיינען געוואוינט געווען צו נצחונות. און דאָ האָט דער דייטש אויסגעבויט באַפעסטיקונגען, אַוועקשטעלנדיק האַרמאַטן מיט קוילנוואַרפער און מען קען אים גאָרנישט מאַכן. „דער גערמאַן איז זייער אַ כיטרער", פלעגן טענהן די קאָזאַקן. מיט אונזער אָנקומען אין קימפּאַלון האָט זיך פאַרענדיקט ביי אונז אַ קריגס־פעריאָד. פאַר אונז זיינען געשטאַנען די פון דער נאַטור געוואַלטיק באַפעסטיקטע פונקטן יאַקאָבעני, דאָרנאַוואַטראַ און קירילי באַבאַ. די אַלע פּרואוון דורכצוברעכן די פונקטן און אַריינצודרינגען אין אונגאַרן האָבן געקאָסט צענדליקע טויזנטער לעבנס און צום געוואונטשענעם ציל ניט געבראַכט. די פונקטן זיינען געבליבן ביז צום סוף קריג בא די עסטרייכער.



# מיין מאַמע

(פון דער מלחמה־צייט)

פון ז. דאָרפמאַן

די מאַמע ליגט אין בעט אַ קראַנקע
דער ברודער שיילט קאַרטאָפל.
איך, מיט נאַקעטע פיס אין פאַנטאָפל,
וואַרם זיך באַם אויוון אין דער באַנקע.

אין שטוב איז שטיל. דער מאַמעס קרעכץ
רייסט אַמאָל די שטילקייט איבער.
דורכן פענסטער, מיט גרויען שרעק,
קוקט דער פראָסט צו מיר אַריבער.

* * *

קליידער טראָגן מיר פון געפאַרבטע זעק,
שיך מיט הילצערנע זוילן.
רונדע דייטשן מיט שאַרפע העק,
האַקן אַלע וועלדער אויס פון פוילן.

אין שטוב איז קאַלט,
נעמט מען גראָבע שטריק
און מען גייט אַוועק אין וואַלד,
מיט פולע בונטן צווייגן קומט מען צוריק.

* * *

מיר גייען אויס פון הונגער פון טאָג צו טאָג,
און קיינער ווייס ניט אונזער בראָך,
און קיינער ווייס ניט אונזער קלאָג.
דער מאַמעס אויגן טרערן, טרערן:
קינדער, וואָס וועט מיט אונז זיין?
קינדער, וואָס וועט פון אונז ווערן?

מיר פאַרשטייען אירע רייד,
און מיר בלייבן אַזוי שטיל,
און מיר וויינען שטילערהייט.



האַלטן, אַז דער אומגליקלעכער איז זייער „מאַן" — צען פרויען רייסן זיך אַרום פאַר איין מאַן, און יעדע איינע שרייט, אַז ער איז אירער... צוואַנציק פרויען זאָגן, אַז ער איז זייער זון, און אַרום פערציק פרויען און מענער אין מיטעלע יאָרן האַלטן, אַז ער איז זייער ברודער... אַזוי האָט דער אומגליקלעכער צען ווייבער, צוואַנציק מאַמעס און פערציק ברידער און שוועסטער — און פון זיי אַלעמען האָט ער קיינעם ניט אַף דער וועלט...

איינמאָל האָט דער דירעקטאָר פון שפּיטאָל, ניט קענענדיק זיך אַן עצה געבן מיט די פיל ביטעס, איינגעלאַדן פופציק פאַמיליעס מיטאַמאָל צו קומען „דערקענען" דעם אומגליקלעכן. אַף איין זונטיק האָט ער זיי אַלע גערופן. זיי זיינען געקומען פון פאַרשידענע טיילן לאַנד, פון פאַרשידענע שיכטן און קלאַסן. עס האָט זיך געשאַפן אַ טראַגיש־אינטערעסאַנטע בילד. אַלע פאַמיליעס האָט מען צונויפגעזאַמלט אין דעם גרויסן זאַל, און מען האָט פאַר זיי אַרויסגעפירט דעם קראַנקן.

די פופציק פאַמיליעס האָבן שוין באַצייטנס אָנגעקוקט פיינטלעך איינע די אַנדערן. איינער האָט געוואָלט אַרויסרייסן ביים צווייטן דעם „געפונענעם" זון זייערן, דעם „אָפּגעזוכטן" ברודער... דער קראַנקער איז אַריינגעקומען און זיך אומגעקוקט אַ דערשראָקענער. וואָס קומט דאָ פאָר?

דריי סעקונדעס האָט ניט געדויערט — און אַ גרויס געשריי האָט זיך דערהערט פון פאַרשידענע קולות, פון פאַרשיידענע אויסרופן:

— דאָס איז ער! דאָס איז ער!

די סצענע איז געווען אַ שרעקלעכע. פופציק פאַמיליעס האָבן זיך געוואָרפן אַף איין אָרעמען קראַנקן מענטשן, אַף אַ מענטשן אָן אַ נאָמען, וואָס ווייסט ניט, פון וואַנען ער קומט, און וואָס עס טוט זיך מיט אים. אַ הונדערט פופציק מענטשן האָבן אַלע אויסגעשטעלט זייערע בליקן אַף דעם אומגליקלעכן און האָבן אַלע געשריען צו אים, געווענדעט זיך צו אים, גערעדט צו אים, און יעדער האָט געזוכט עפּעס אַן אַנדער וואָרט, מיינענ־

דיק, אַז אָט מיט דעם וועט ער אים געווינען.

די קראַנקן־שוועסטער האָבן מורא באַקומען פאַר דעם אומגליקלעכן, וואָס האָט פאַר גרויס שרעק זיך צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט און זיך אומגעדרייט. מען האָט אים אַוועקגענומען. און דער דירעקטאָר האָט באַשלאָסן, אַז ער וועט בעסער לאָזן יעדער איינער פון די פופציק משפחות צו באַטראַכטן באַזונדער דעם קראַנקן און ריידן מיט אים. אַ גאַנצן טאָג האָט זיך עס געצויגן. איינע נאָך דער אַנדערע זיינען זיי אַריינגעקומען, די פאַמיליעס, און יעדע האָט געפּרואווט ווירקן אַף דעם קראַנקן אַף אַ באַזונדערן שטייגער. מאַמעס האָבן דערמאָנט געשיכטעס פון דער ווייטער קינדהייט, אַנדערע פרויען האָבן געפּרואווט אופּרישן אינטימע זיסע באַציאונגען פון מאַן־און־ווייב. און אַלע צוזאַמען, יעדער אַף זיין שטייגער און מיט זיין קול, האָבן זיי זיך געבעטן: „דערמאָן זיך, דערקען אונז...“

און גאָרניט איז פון דעם אַלעם לויטער אַרויסגעקומען. אַ גאַנצן טאָג האָט מען אויסגעמאַטערט דעם קראַנקן. ער האָט אַלעמען אויסגעהערט, אָבער מיט קיין איין וואָרט זיך ניט אָנגערופן. ער האָט נאָר געשאָקלט מיטן קאָפּ אַן אויפגערעקטער, אַן דערצערנטער. ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט האָט ער אַ ווילדן געשריי געטאָן: „גענוג!“ — און מען האָט אים שוין אָפּגעלאָזן. אַנטוישטע, פאַרביטערטע זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען די פופציק פאַמיליעס, יעדער מיט זיין ווייטיק פון טיף אין האַרצן.

אָבער פון דעם טאָג איז פאַרבליבן ביי דעם קראַנקן אַ געטרייע „מאַמע“. אויך זי איז געקומען דערקענען איר „זון“. אַן אַלטע פרוי, אַן אַכציק־יאָריקע זקנה האָט זי זיך דערשלעפּט אַהער פון זייער ווייט. זי הייסט מאַדאַם מאַראַ. אין יאָר 1914, ווען די מלחמה איז אויסגעבראָכן, האָט זי געהאַט נאָר איין מענטש אַף דער וועלט, איר איינציקן זון. האָט מען איר דעם זון אַוועקגענומען. ער איז אַוועק אין קריג. און מער איז ער ניט צוריקגעקומען. ער איז פאַרשוואונדן אָן אַ שפּור. מען ווייס אַפילו ניט, צי ער איז געשטאָרבן, אָדער וואו ער איז אַהינגעקומען. און אַלע

די מאַמע וויינט שוין איצט ניט מער.
זי נעמט אונז איין מיט גוטע רייד.
קושט אונז אָפּ פון באַק אַ טרער.
און זי גלעט אונז אַזוי צאַרט,
און זי גלעט אונז אַזוי ליב:
גוטע קינדער, שטילע קינדער,
עס וועט אונז נאָך אַמאָל זיין גוט.

* *
*

אַלע זונען האָבן זיך שוין פאַרלאָשן.
אַ וואָרט פון טרייסט פון קיינעם נישט צו הערן,
שוואַרצע וואָלקנס פאַרציען דעם הימל,
און טעג וויינען מיט ביטערע טרערן.
אין שטוב איז טונקל, מיר זיינען די שאָטנס,
וואָס קריכן אַרום אַפן דיל און אַף די ווענט
דאָס לעצטע שטיקל ברויט האָט מען אָפּגעגסן,
דאָס לעצטע ביסל ליכט האָט אויסגעברענט.
מיר זיינען גוטע קינדער פון צער און פון נויט.
מיר מאַכן אונזער ליבע מאַמע ניט שווער.
מיר גייען שלאָפן הונגעריקערהייט,
און שטיל, אַפן געלעגער, קאַפּעט אונזער אַ טרער...

* *
*

אַז דער ליבער זומער קומט,
גייט די מאַמע פון בעט אַרויס;
פאַרשפּרייט אַ לײלעך אַפן גראָז
און שפּאַרט זיך צו ניט ווייט פון הויז.
זי ליגט אין שאָטן פון אַ בוים.
אין שאָטן איז גוט אַזוי צו ליגן,
איר בלאַסער פּנים דרעמלט איין.
איך טרייב אַוועק די פליגן.

* *
*

ליבע מאַמע, טייערע מאַמע,
וואָס האָסטו געטראַכט דעם לעצטן טאָג?
האָסט געקוקט מיט די אויגן,
און גאָרנישט ניט געזאָגט —
אַ הייליקע ווייסקייט האָט זיך איבער דיר פאַרצויגן.
ליבע מאַמע, טייערע מאַמע,
מיר האָבן געוועהט צו דיר מיט אַזוי פיל טרערן.
דו האָסט געקוקט מיט די אויגן און גאָרנישט ניט געזאָגט.



# ז י ס ל ע

דערציילונג פון י. א. לייזעראָוויטש

דער, וואָס האָט נאָך דער מלחמה ניט געלעבט צווישן אונזערע היימישע אידן אין די אַלטע היימיש־אידישע שטעט, יענער קען זיך גאָרנישט פאָר־שטעלן, וואָס פאַר אַן אומגעהויערע איבערקערעניש די לעצטע גרויסע מלחמה האָט געמאַכט אין די זיטן און אין אַלע באַגריפן.

מיט אַ קורצע צייט צוריק האָב איך זיך געטראָפן אין אַ גרויסן פּאַריזער קאַפע אַפן בולוואַר „דע איטאַליען" מיט מיינעם אַן אַלטן בן־עיר, אַ לאַנדס־מאַן, פון מיין געבורטס־שטאָט ס״ק, אַ היפּשער כרך אין ליטע, אַפן ברעג „ניעמאַן"...

איך בין שוין אין מיין געבורטסשטאָט לאַנג נישט געווען און מיר איז געווען אומגעהויער אינטערע־סאַנט אים אויסצופרעגן וועגן דעם, ווי מען לעבט איצטער דאָרטן. מיין בן־עיר האָט זיך נישט גע־פוילט און מיר דערציילט אַסך זאַכן וועגן אַלטע באַקאַנטע. הערונטער האָט ער מיר איבערגעגעבן פאָלגנדיקע אומגלויבלעכע אָבער ריכטיקע גע־שיכטע.

מיט אַ יאָר פינף פאַרן קריג האָבן אין ס״ק זיך באַ־זעצט אַ יונגע פּאָר־פאָלק, כמעט גלייך נאָך זייער חתונה. געקומען זיינען זיי פון אַ קליין שטעטל. פון דערהיים זיינען זיי געווען אָרם. דער מאַן איז אָבער געווען אַ גאַנץ געראָטענער מענטש, געהאַט „געבענטשטע הענט" צו יעדער אַרבעט, פאַר וועלכער ער האָט זיך נאָר גענומען. אלס אינגל האָט ער זיך געלערנט שלאָסעריי. אַז ער איז עלטער געוואָרן, איז ער כמעט פון זיך אַליין געוואָרן אַ „מעכאַניקער" און אַז ער איז כמעט גלייך פון אונ־טער דער חופּה אריבערגעפאָרן אין ס״ק, האָט ער באַלד געעפנט אַ וואַרשטאַט צו פאַרריכטן אַלע מינים הויז־מאַשינען, ניי־מאַשינען, שטעפּ־מאַשי־

## א מענטש און א נאָמען

יאָרן נאָך דער מלחמה זוכט די אומגליק־לעכע פרוי איר איינציקן זון און וואַרט יעדן טאָג, אַז ער זאָל קומען, אַז ער זאָל זיך באַווייזן... האָט זי אויך דערהערט וועגן דעם „סאָלדאַט אָן אַ נאָמען" וואָס איז אין דעם שפּיטאָל פאַרשלעפּט גע־וואָרן. זי האָט אָנגעקוקט דעם קראַנקן מיט אַ שטאַרק פאַרזאָרגטן, דורכדרינ־גענדן בליק — און דאַן האָט זי, ניט פרעגנדיק אים גאָרנישט, ניט אַרויסזאָגנדיק קיין איין וואָרט, אים אַרומגענומען, אים צוגעדריקט צו זיך און אַף זיינע מאַטע באַקן אויסגעפּרעסט אַ הייסן, אַ האַרציקן, אַ מוטערלעכן קוש:

— מיין זון! — האָט זי שפּעטער קוים אַרויסגעשעפּטשעט.

דער דירעקטאָר פון שפּיטאָל האָט הער־נאָך אַרויסגענומען די דאָקומענטן, איר איבערגעלייגט פאַרשידענע פּאַפּירן, איר באַוויזן, אַז עס איז אוממעגלעך, אַז עס איז אויסגעשלאָסן, אַז דער קראַנקער זאָל זיין איר זון. אָבער די אַלטע פרוי האָט דאָס אַלץ רואיק אויסגעהערט און אים אַלעם קורץ און איינטאָניק געענט־פערט:

— מיין זון! מיין זון!...

און קיינער אין דער וועלט וועט ביי איר ניט אַרויסרייסן די איבערצייגונג, אַז דאָס איז ווירקלעך איר זון. זי פילט זיך גליקלעך, זי האָט „אים" צוריקגעפונען... און אַזוי האָט דער אומגליקלעכער באַ־קומען אַ „מאַמע"...

## צוויי און צוואַנציק פאַמיליעס מאַכן אַ פּראָצעס

עס איז ניט פאַרבליבן בלויז מיט די סצענעס אין שפּיטאָל, וואו פיל פאַמיליעס קומען כסדר „דערקענען" דעם קראַנקן. עס זיינען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך ניט באַפרידיקט מיט דעם אָפּ־זאָג פון דעם דירעקטאָר, אַז זיי האָבן זיך אומזיסט מטריח געווען, און האָבן אָנגע־קלאָגט אים אין געריכט.

דערחוויל זיינען אַנטשטאַנען נייע שווערי־קייטן. ווער זאָל אויסהאַלטן דעם קראַנקן? צו וועלכן מיניסטעריום דאַרף ער געהערן? ביזן יאָר 1921 האָט אים אויסגעהאַלטן דאָס קריגס־מיניסטע־ריום. אָבער דער קריג איז דאָך שוין

לאַנג געווען פֿאַרענדיקט, און עס זייַנען ניט געווען מער קיין קריגס־פֿאַרוואונדעטע סאָלדאַטן אין די שפּיטאָלן. ווי לאַנג וועט מען דען האַלטן דעם דאָזיקן „סאָלדאַט אָן אַ נאָמען“? איז ער אַריבערגעגאַנגען פֿון קריגס־מיניסטעריום צום פּענסיע־מיניסטעריום, וואָס צאָלט ביז איצט אַ שטענדיקן געהאַלט די פֿאַרשיידענע אינוואַלידן פֿון קריג. דאָס פּענסיע־מיניסטעריום האָט אים איבערגענומען און האַלט אים אויס ביז איצט. דערווייל האָט זיך אויך אָנגעזאַמלט אַ גרויסע סומע, וואָס וואָלט אים געדאַרפֿט אויסגעצאָלט ווערן אַלס פּענסיע פֿאַר אַ הונדערט־פּראָצענטיקן קריגס־אינוואַליד ווען ער זאָל אַרויס פֿון שפּיטאָל. דאָס איז אַ סומע פֿון אַ צוויי הונדערט פֿופֿציק טויזנט פֿראַנק. און עס זייַנען פֿאַראַן אַזעלכע פֿאַמיליעס וואָס נעמען אויך דאָס אַרייַן אין זייער רעכנונג ווען זיי פֿאָדערן מען זאָל זיי צוריקגעבן „זייער“ קרוב.

אייניקע פֿאַמיליעס האָבן שוין גענומען אַדוואָקאַטן און זיך געווענדעט צום פּענסיע־מיניסטעריום. עס איז געוואָרן אַ שווערע לאַגע. קיינמאָל האָט נאָך דאָס מיניסטעריום ניט געהאַט צו טאָן מיט אַזאַ פֿאַרפּלאָנטערטן ענין. ניט לאַנג האָבן צוויי און צוואַנציק פֿאַמיליעס זיך צונויפֿגעזאַמלט און צוזאַמען געמאַכט אַ פּראָצעס. זיי האָבן אָנגעקלאָגט דאָס פּענסיע־מיניסטעריום פֿאַרן געריכט און האָבן געפֿאָדערט אַז עגדלעד זאָל דאָס געריכט פֿעסטשטעלן צו וועמען פֿון זיי דער „סאָלדאַט אָן אַ נאָמען“ געהערט. עס איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער סענסאַציאָנעלער פּראָצעס. זייער פֿיל נייגעריקע, און נאָך מער פֿאַראינטערעסירטע זייַנען זיך צונויפֿגעפֿאָרן בייַצוואוינען דעם פּראָצעס. די פֿאַרהאַנדלונגען האָבן זיך לאַנג פֿאַרצויגן. דאָס געריכט האָט זיך שטאַרק געמאַטערט מיט די צוויי און צוואַנציק „קאַנדידאַטן“ אַף איינצונעמען דעם אומגליקלעכן. פֿיל טראַגי־קאָמישע סצענעס האָבן זיך אָפּגעשפּילט. עס איז געווען צו לאַכן און צו וויינען פֿון די „באַווייזן“, וואָס די באַזונדערע „אָנקלאָגער“ האָבן געבראַכט. דער סוף איז געווען, אַז פֿון די צוויי און צוואַנציק פֿאַמיליעס האָבן ניינ־



נען, שרייב־מאַשינען, און נאָך אַזעלכע „מעכאַנישע זאַכן“. אין ס״ק איז ער מיט זיין „ווערקשטאַט“ געווען ניט איינער אַפֿן פּלאַץ. שוין, אַ דאַנק גאָט, צו יענער צייט געווען אַף דעם „אַלעקסאַנדריעווסקי פּראָספּעקט“ אַליין, אַף דער הויפּטגאַס, ניט ווייניקער ווי אַ טוץ אַזעלכע אידישע מעכאַניקער און די קאָנקורענץ צווישן זיי איז דאַמאָלסט געווען גרעסער ווי אין אַלע אַנדערע אידישע געשעפֿטן. וואָרום קיין ריכטיקע מעכאַנישע אַרבעט איז צו יענער צייט אין אַזאַ שטאָט ווי ס״ק נאָך גאָרנישט געווען אַזוי פֿיל. בסך הכל זיינען דאָ אין שטאָט געווען קוים אַ צענדליק שרייב־מאַשינעס, אין די קאַנצעלאַריעס פֿון גובערנאַטאָר, פֿון מיליטער־קאָמענדאַנט, ביים פּאָליצמייסטער, ביים זשאַנדאַרמסקי פּאָלקאָווניק, און אפֿשר אויך ביי איינעם אָדער צוויי גרעסערע היגע אַדוואָקאַטן. אַפֿילו ביי די ניי־מאַשינען האָט מען זיך אויך ניט געקענט צופֿיל איבעראַרבעטן...

פֿונדעסטוועגן זיינען ביי אונזער יונגער פּאָר פֿאָלק די ביזנעס אַוועק זייער גוט. עס האָט עפּעס אַלעמען געצויגן אַהין, אין זייער געשעפֿט, אין זייער וואַרשטאַט, און די אָפֿיצערן פֿלעגן ליב האָבן צו קומען צו אים, צו בראָדערמאַנען — אַזוי האָט ער געהייסן.

בראָדערמאַן איז מיט אַ יאָר פֿריער, איידער ער האָט געעפֿנט זיין געשעפֿט, געווען אַ סאָלדאַט. געדינט אין די טיפֿע רוסישע גובערניעס. ער האָט דעריבער זייער גוט געקענט יענע געגנטן און גערעדט מיט דעם עכטן גרויס־רוסישן לשון און די רוסישע אָפֿיצערן און טשינאָווניקעס פֿון ס״ק, וועלכע פֿלעגן אין די צאַרישע יאָרן ווערן אַהער צוגעשיקט הויפּטזעכלעך פֿון די צענטראַלע רוסישע געגנטן, כדי דורך זיי זאָל רוסיפֿיצירט ווערן די געגנט. פֿלעגן זיי צו בראָדערמאַנען קומען, ווי צו אַן אייגענעם, צו אַ „זעמליאַק“, מיט וועלכן זיי פֿלעגן זיך קענען דורכשמועסן וועגן דער ווייטער היים אַף דער „וואָלגאַ“ און דער „קאַמאַ“, נאָך וועלכע זיי פֿלעגן אַזוי בייַנקען פֿון דער ווייטנס אַף די ברעגעס פֿון דעם פֿרעמדן „ניעמאַן“.

בראָדערמאַנס יונגע ווייב איז ווייטער ווי איר געבורטס־שטעטל קיינמאָל ביז דער חתונה אין ערגעץ ניט אַרויסגעפֿאָרן. ס״ק איז געווען די ערשטע „גרויסע שטאָט“ וואָס זי האָט אין איר לעבן דערזען אַף איר צוואַנציקסטן יאָר. ווי אין אַלע היגע אידישע געשעפֿטן, וואו די ווייבער טראָגן דעם מסחר־יאָך צוגלייך מיט זייערע מענער, פֿלעגט בראָדערמאַנס ווייב — דאַמאָלסט האָט זי נאָך געהייסן מיט איר כשרן נאָמען „זיסלע“ — אויך זיין שטענדיק אין „מאַסטערסקאַיאַ“. די רוסישע „טשינאָווניקעס“ און די יונגע אָפֿיצערן פֿלעגן זיך מיט

איר ליב האָבן צו אונטערהאַלטן ניט ווייניקער ווי מיט איר מאַן, וואָרום, אויב זי האָט גערעדט רוסיש פיל ערגער, ווי ער, האָט זי דאָך געהאַט די מעלה: זי איז דאָך געווען אַ פּרויענצימער און אַ יונגע און טאַקע נישט קיין מיאוסע: און כאָטש זי האָט געשטאַמט פון אַ קליינע פרומע אידישע שטעטעלע, האָט זי דאָך געוואוסט, ווי אַזוי צו זיין קאָקעטיש, איבערהויפּט, אַז דער מאַן פלעגט דערביי ניט זיין, און ווי, און צו וועמען מען דאַרף מאַכן חנדלעך... די רוסישע „קליענטן" פלעגן שטענדיק לויבן פאַר בראָדערמאַנען די מעלות פון זיין יונגער ווייבעלע, פון זיין „באַביאָנקאַ". אַנדערע פלעגן אים נאָך בעסער זאָגן — פון זיין „זשידאָוואָטשקאַ", און אים פלעגט ניט אַרן, אַז זיי פלעגן זיך נאָך בשעת מעשה פון התפעלות באַלעקן. „זאָלן זיי פּלאַצן פון האַרצווייטיק" — פלעגט ער בשעת מעשה טראַכטן — „אַבי זיי זאָלן געבן צו לייזן"...

אָט אַזוי זיינען אַלץ מער צוגעבונדן געוואָרן צו בראָדערמאַנס „מאַסטערסקאַיאַ" די קליענטן, איבערהויפּט די רוסן, די טשינאָווניקעס און די אָפיצערן. בראָדערמאַן פלעגט שוין ניט נאָר מאַכן פאַר זיי פאַרשיידענע „פּאַטשינקעס", ד. ה. ער פלעגט ניט נאָר פאַרריכטן זייערע אַלטע מאַשינען און וועלאָסיפּעדן, נאָר ביסלעכווייז, האָט ער אָנגעפאַנגען אַראָפּברענגען אַליין פון אויסלאַנד ניי־מאַשינען און וועלאָסיפּעדן צו פאַרקויפן... ער האָט זיך גאָר אינגיכן דערשלאָגן צו אַ גרויסן „מעכאַנישן מאַגאַזין", וואָס איז דאַמאָלסט נאָך געווען דער ערשטער אין שטאָט... די באַקאַנטע טשינאָווניקעס און אָפיצערן פלעגן אים שטענדיק צושיקן אַלץ נייע קונדן, עס האָבן גענומען שוין צו אים קויפן אויך פיל אידישע קונים... ער פלעגט געבן סחורה אַף באָרג, ניט ערגער פון „זינגערס קאָמפּאַניע"... בחורימלעך, שוין גאָר נישט קיין גבירישע קינדער, פלעגן זיך איינשאַפן ביי אים „וועלאָסיפּעדן", אויסצאָלנדיק פון זייער קעשענע־געלט יעדע וואָך צו ביסלעך. דערצו פלעגט ער זיי נאָך אַליין ווייזן ווי צו פאָרן אַף זיי... ער האָט געהאָלפן יונגע מיידלעך אויסלערנען זיך שרייבן אַף מאַשינעס און פאַרדינען געלט... ביי אים אין געשעפט האָט ער צום ערשטן מאָל אַראָפּגעבראַכט אין ס"ק אַ „גראַמאַפאָן", וועלכער פלעגט פאַרקלינגען די גאַס פון אינדערפרי ביז באַנאַכט מיט לוסטיקע מעלאָדיעס און לידער און שטיקער פון ראש־השנהדיקן מחזור. ביז ביי יעדע באַלעבאָסטע האָט אויפגעשפּרונגען דער חשק אַריינצוברענגען ביי זיך אין שטוב אָט די וואונדערלעכע מאַשין, וועלכע זי האָט טאַקע געקויפט דורך בראָדערמאַנס האַנט. בראָדערמאַן איז גיך געוואָרן דער פאַרטרעטער פון איינציקע אויסלענדישע פאַבריקן, איבערהויפּט פון דייטשע פיר־

צען אַליין זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע טענות.

און אַזוי האָט זיך עס ווייניק געענדערט. נאָך אַ פּאָר פאַמיליעס זיינען אַנטוישט געוואָרן, און דער אומגליקלעכער איז פאַרבליבן אַ „סאָלדאַט אָן אַ נאָמען"...

## די טראַגעדיע פון מיליאָנען מענטשן

א עס ציט זיך ווייטער די שרעקלעכע, די אויסערגעוויינלעכע טראַגעדיע מיט דעם אומגליקלעכסטן פון אַלע קרבנות פון וועלט־קריג. ער איז שוין איצט אַלט אַ יאָר פופציק. די צווייטע העלפט פון זיין לעבן לויפט גיך. דערצו הערט ער נאָך אָפּט קראַנק. די וואונדן פון קריג רופן זיך אָפּ. און ווער ווייסט, ווער ווייסט, צי אָט דער פאַרלאָרענער מענטש אַף דער וועלט וועט נאָך צוריקגעפינען זיין נאָמען, זיין „איך", זיין אייגענע פערזאָן, דאָס אייגנסטע, דאָס נאָענטסטע פון אַלץ, וואָס אַ מענטש פאַרמאָגט?

שטעלט איר זיך פאָר די טראַגעדיע? פאַרלאָרן דעם נאָמען — אַלץ פאַרלאָרן, אַלץ־אַלץ אין דער וועלט...

און דער פראַנצויזישער זשורנאַליסט ברינגיע, וואָס האָט איצט ברייט געשילדערט די טראַגעדיע אין דער פּאָפּולערער פּאַריזער צייטונג „פּאַרי־סואַר", שרייבט, אַז ער דערהאַלט כסדר און אומאויפהערלעך בריוו פון פרויען, פון מענער, וואָס פּרוּוון זיך ווייטער און וואָס גלויבן, אַז דער אומגליקלעכער איז „זייערער". זיי באַקלאָגן זיך, אַז די אַדמיניסטראַציע מאַכט אַזעלכע גרויסע שוועריקייטן און וויל זיי ניט אַרויסגעבן זייער „אייגענעם"... יעדן חודש קומען צענדליקער פאַמיליעס מיט אַזעלכע טענות. און עס איז דען אַ וואונדער, ווען פיר הונדערט טויזנט יונגע מענטשן אין פראַנקרייך זיינען פאַרפאַלן געוואָרן אין וועלט־קריג אָן שום שפּורן?

און באַלד דערנאָך, ווען דער אַרטיקל האָט זיך באַוויזן אין דער פּאָפּולערער צייטונג מיט דעם בילד פון „סאָלדאַט אָן אַ נאָמען", האָבן זיך ווידער געמאָלדן גאָר נייע צוברעכענע פרויען און מענער מיט טענות. אין פיל, אין זייער פיל הייזער אין פראַנקרייך, מעגלעך אַז ביי אַלע פיר־

הונדערט טויזנט פאַמיליעס וואָס טראָגן נאָך ביז איצט זייער ווייטיק, האָט מען גענומען דאָס בילד און עס גוט און שטאַרק באַטראַכט, מיט אַ ציטער, מיט אַ האָפענונג: אפשר, אפשר...

איז עס ניט די טיפסטע מענטשלעכע טראַגעדיע פון אונזער צייט? וויפיל הונדערטער טויזנטער פאַמיליעס איבער דער גאַנצער וועלט לעבן איבער ביז היינטיקן טאָג ענלעכע אומגליקן? וויפיל באַטריבטע מאַמעס באַוויינען ביז איצט פאַרשוואונדענע זין אין וועלט־קריג און וואַרעמען נאָך ביז איצט טיף אין האַרצן די האָפענונג, אַז זיי וועלן ניט אַראָפּנידערן אין קבר, ביז זיי וועלן זייערע טייערע נאָך דערזען פאַר זיך מיט די אייגענע אויגן? און וויפיל אומגליקלעכע, צובראָכענע פרויען זיינען פאַרבליבן עגונות פון וועלט־קריג, און זייער גאַנץ לעבן איז פאַרפינצטערט געוואָרן, ווייל מען האָט ניט קיין באַווייז, אַז זייערע מענער זיינען געפאַלן אַף די שלאַכט־פעלדער, און מען ווייסט ניט, וואו זיי זיינען אַהינגעקומען?

---

## פון בראַפּקאָווסקיס מלחמה־הומאָר

אין דער צייט פון דער מלחמה פלעגן די ליטאָגראַפיעס אַרויסלאָזן פאַרשידענע בילדער וועגן דעם, ווי מיר מאַכן אַ תל פון זיי (פון די דייטשן), ווי אַ קאָזאַק, למשל, נעמט זיי אַפן פיקע גאַנצע צען מיט אַמאָל, ווי אַ סאָלדאַט שלינגט זיי צום אָנבייסן א. אַ. וו.

איינער האָט אַ פרעג געטאָן דעם ליטאָגראַף:

— ניט שוין זשט מאַכן מיר אַלץ גוט? עס טרעפט דאָך, מסתמא, אַז דער דייטש איז אויך ווען עס איז גובר? פאַרוואָס איז ניטאָ כאָטש איין בילד, וואו זיי מאַכן בעסער?

— יענע בילדער דרוקן זיך אין דייטשלאַנד...

*

בשעת גענ. רענענקאַמף האָט געמאַכט זיין באַרימטן אָנגריף אַף מזרח־פרייסן איז מען אין די רוסישע קרייזן געווען זייער האָפערדיק: שאַפּקאַמי זאַקידאַיעם! האָט מען זיך געוויצלט: יע! שאַפּקאַמי! מיט די קעפּ אָבער צוזאַמען...

מעס... זיינע ביזנעס זיינען געוואַקסן פון טאָג צו טאָג: ער איז געוואָרן שטאַרק רייך. אין גאַר אַ קורצער צייט איז ער געוואָרן אין ס״ק אַ גאַנצער בעל־הבית. זיך איינגעקויפט גאַנצע צוויי שיינע הייזער אַפן „מאַרק־גאַס“. זיין ווייב זיסלע איז געוואָרן אַ גאַנצע „דאַמע“ און האָט שוין געהייסן „זינאַ“. און אין שטאָט, אין שטוב באַם מאַן, ביי באַקאַנטע אָפיצערן און „טשינאָווניקעס“ — „זינאַאידאַ“ — זינאַאידאַ קלעמענטיעוונאַ, אַפן נאָמען פון איר טאַטן אַ זאָסלער בעקער, וואָס האָט אייגנטלעך געהייסן „קלמן“. אַף איר שלאַנקען, ווייסן האַלז האָבן זיך שוין באַוויזן צוויי שנירלעך פערל, אַף אירע אויערן — בריליאַנטענע אויערינגלעך. אַף אירע קורצע, אָבער דאָך ווייסע און שיינע פינגער האָבן אָנגעהויבן שימערירן בריליאַנטן־רינגען — און די יונגע רוסישע אָפיצערן פלעגן זיך, נאָך מער ווי פריער, באַלעקן, ווען זיי פלעגן פאַרפירן מיט איר אַ שמועס אין קראָם, און זי פלעגט נאָך עפטער ווי פריער מאַכן קאָקעטישע חנדלעך...

אָט אין אַזאַ פאַרהעלטניסמעסיקן גלענצנדער לאַגע האָט זיך געפונען די יונגע פּאָר פאָלק בראָדערמאַן, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער וועלט־קריג. אָבער שוין אַפן דריטן חודש פון דער מלחמה האָט מען גערופן צום „פריזיוו“ די געוועזענע סאָלדאַטן (זאַפּאַסנע סאָלדאַטן) פון בראָדערמאַנס יאָרן, און צוזאַמען מיט זיי האָט מען אים, בראָדערמאַנען, אויך אַוועקגעשיקט אַפן פראָנט... עס האָבן ניט געהאָלפן קיין געבעטן, קיין הויכע „רעקאָמענדאַציעס“ פון גובערנאַטאָר און פון מיליטערישן קאָמענדאַנט, ביי וועלכע בראָדערמאַן איז די לעצטע צייט געוואָרן, צוליב געשעפטס־אָנגעלעגנהייטן, אַ גאַנצער „אַריינגייער“, דורך דער „הינטערשטער טיר“... צוערשט האָט זיך בראָדערמאַן געשלאָגן אַף דעם פרייסישן פראָנט און בשעת די רוסן האָבן געמוזט אָפּטרעטן פון דער פרייסישער גרעניץ נאָך די שווערע בלוטיקע מפלות, האָט מען אים מיט זיין דיוויזיע אַריבערגעשליידערט אַף דעם עסטרייכישן פראָנט... זיינע געשעפטן האָט דערווייל געפירט זיין ווייב, זינאַאידאַ קלעמענטיעוונאַ אַליין...

און די ביזנעס זיינען געגאַנגען ניט ערגער ווי פריער. ס״ק איז דאָך דאַמאָלסט געווען אַ וויכטיקע פעסטונג־שטאָט, און זייענדיק דער נאָענטסטער פונקט צו דעם „קריגס־צענטער“, זיינען אין ס״ק אין יענער צייט, אין דעם ערשטן ווינטער פון קריג, געווען קאָנצענטרירט אַסך מיליטער און אַסך אָפיצערן, וועלכע האָבן שוין געוואוסט איינער פון אַנדערן, אַז ביי בראָדערמאַנען אין „טעכנישן מאַגאַזין“ איז מען ווי ביי זיך אין דער היים. בפרט נאָך איצט, אַז די יונגע און שיינע ווייבל איז געבליבן אַליין — איז דאָך געווים אַ מצוה צו איר צו קו־

מען אביסל פארברייניגען. פלעגט דער גראמאפאן אין מאגאזין ניט אופהערן א גאנצן טאג צו קלינגען. אין יענע צייטן האט מען שוין דא קיינמאל ניט געהערט מער די אידישע נגונים פון ראש־השנהדיקן מחזור, און אויך ניט קיין אנדערע, אפילו רוסישע לידער, נאר בלויז פאטריאטישע געזאנגען... בראדערמאנס געשעפט איז אף אזא אופן דאן פארוואנדלט געווארן אין „אפיצערסקן קלוב", וואו געהערשט האט זינאאידא קלעמענטיעוונא מיט איר שלעכטן רוסיש, מיט איר שטענדיק חנעוודיקן שמייכל, און מיט אירע פייערדיקע שווארצע אויגן... וואלט דאך גוט געווען, ווען דאס גייט אויך ווייטער אזוי. איז אבער גלייך נאכדעם, אין פרילינג, ארויס די גזרה פון דעם רשע ניקאלאי ניקאלאיעוויטש, אז אלע אידן מוזן פארלאזן ס"ק אין 24 שעה צייט. העלפן ניט בראדערמאנס יונגער און אפעטיטנער ווייבל אירע גרויסע באקאנטשאפטן מיט די ארטיקע אפיצערן. זי האט זיך געמוזט געזעגענען מיט איר „מיליטערישן קלוב" און זיך לאזן וואנדערן מיט אלע איבעריקע אידן צוגלייך. זי האט אבער דאך נאך געהאט א גוטן מזל: ווען אלע ארויסגעשיקטע אידן האבן אפילו ניט געהאט די מעגלעכקייט צו נעמען מיט זיך די נויטיקסטע זאכן פאר ווייב און קינדער, אפילו נישט קיין קישנס, קיין קליידער און קיין וועש, ווייל עס איז קיין צייט נישט געווען צו פאקן און ניט קיין ארט, וואוהין דאס צו פירן — זיינען אלע באקאנטע אפיצערן אליין געקומען צו זינאאידן אין הויז און אין קראם, איר געהאלפן צוזאמענלייגן אין קאסטנס ביז דעם לעצטן האר סיי פון איר שטוב ווירטשאפט און סיי פון איר געשעפט, און אף קאזיאנע סאלדאטסקע פורן אפגעפירט צום וואקזאל. דארטן האט מען זיך מיט איר ווארעם געזעגנט, זאגאר זיך געקושט, איר אריינגעזעצט אין וואגאן, און צוויי אפיצערן, וועלכע זיינען געווען, זאגט מען, גאר באזונדערס באפריינדעט מיט איר, האבן איר און אירע אינגעלע באגלייט ביז ווילנע, וואו א טייל פון די ארויסגעטריבענע איז הערלויבט געווען זיך צו באזעצן.

קומענדיק קיין ווילנע און כמעט מיט גאר אירע אנגעזאמלטע האב און גוטס, האט זי זיך דא גאר גיך ווידער איינגעארדנט, ניט ערגער ווי אין דער היים. אף איינער פון די ווילנער הויפט־גאסן, אפן „געארגיעווסקי פראספעקט", האט זיך איר איינגעגעבן איבערצונעמען א ליידיקע קראם פון א געוועזענעם רוסישן סוחר, וועלכער האט גראד דאן געמוזט אוועקגיין אפן פראנט און זי האט באלד דא געעפנט א גרויסן געשעפט. נישט קלענער פון דעם, וואס זי האט געהאט. באלד נאך דעם אידישן גירוש פון ס"ק האבן די רוסן, ווי באקאנט, געמוזט אליין, אויך אף גיך אפטרעטן פון ס"ק. ווי פון א העלישן



# קליינע סקיצן

פון א. שאפמאן

## אז וארגן...

פאר דער מלחמה האט מען נישט געהאט וואס צו ריידן מיט די נעבן־מענטשן. וואס האסטו געקענט ריידן מיטן שוסטער, מיטן שניידער, אדער מיט דעם קעלנער אין קאפעהויז? איצט איז אבער גאנץ אנדערש. זיי אלע זיינען געווען אין פייער און זיי האבן איצט צו דערציילן פיל מער, ווי די, וואס זיינען געווען אפן נארד־פאל, אדער אין די סטראטאספערן; גרויסע העלדן זיינען זיי אלע, און דו, „הינטערלאנד"־מענטש, האב דרך־ארץ און הער זיך צו זיי צו ערפורכטיק:

— ... אזוי ווי מיר גייען, הערזעען מיר צוויי ענגלישע סאלדאטן מיט א מאשינגעווער. איינער א הויכער, א ריז, און דער אנדערער—א קליינער. כ'האב שוין געמיינט: מיר זיינען פארלארן!... ביז היינט פארשטיי איך ניט, ווי אזוי אונזער קאפראל האט באוויזן אין אט דעם מוראדיקן אויגנבליק אויסצושיסן... דער קליינער ענגלענדער איז אנידערגעפאלן און דער גרויסער האט אים גענומען אונטערן ארעם און איז מיט אים פארשוואונדן אין וואלד.

— ... מייסטנס זיינען די מענטשן געפאלן אן א פיפס צו טאן; באזונדערס

די, וועלכע האָבן באַקומען אַ קאָפּשאָס. אָבער שרעקלעך האָבן געשריען יענע, וואָס זיינען געטראָפן געוואָרן אין בויך. איינעם אַזעלכן האָבן מיר איינמאָל געטראָגן זאַלבענאַנד צו די סאַניטאַרע באַראַקעס. ביי יעדן טריט האָט ער מוראדיק געשריען. און דאָרט, אין די סאַניטאַרישע באַראַקעס, האָט מען אים נישט געוואָלט אויפנעמען. זיי זיינען דאָרט אַלע באַשטאַנען פון מיטעכן. „טראָגט אים ווייטער — מיר האָבן נישט קיין אָרט פאַר אים!“...

— אין דער פסח־נאַכט, — האָט הער איד דערציילט, — איז אונזער אָפּטיילונג געשטאַנען אין אַ פּוילישן שטעטל. מיט דעם קאָמענדאַנטס דערלויבניש בין איך איינגעלאַדן געוואָרן צום גביר — צום סדר. פון גיהנום גלייך אין אַ אידיש הויז מיט ליכט, וואַרימקייט, וויין און כוסות... אָבער, איר ווייסט, איך האָב פון דעם אַלעמען נישט געהאַט קיין שום הנאה, מחמת די לייז. די וואַרימקייט האָט געווירקט — און זיי האָבן גענומען אַרבעטן ווי ס'דאַרף צו זיין... איך האָב געמיינט — כ'וועל משוגע!

אָט אַזוינס דערציילן זיי אַלע, אַלע: דער שוסטער, דער שניידער, דער שערער, דער קעלנער... פון די דורך גראַנאַטן צוריסענע פערד, דערציילן זיי, פונם גאַז, פון די דורך גאַז דערשטיקטע, וועלכע זיינען דערביי שוואַרץ געוואָרן ווי נעגער, און פון די טויטע, די טויטע, די טויטע. און יעדעס מאָל לאָזן זיי אויס:

— ווער עס האָט אַליין נישט איבערגעלעבט, ווער ס'איז אַליין נישט געלעגן אין די אָקאָפּעס, דער וועט דאָס נישט פאַרשטיין. אַזאַ מענטש ווייס איבערהויפּט נישט, וואָס איז דאָס אַזוינס ש ל ע כ ט... דער ווייסט נישט, דער ווייסט נישט...

אָבער איינמאָל האָט זיך איינער פאַרטראַכט אַביסל און געזאָגט:

— און פונדעסטוועגן — זאָג איך אייך — זיינען דאָס געווען גוטע צייטן... מיר האָבן געלעבן אָן זאָרגן... מיר האָבן נישט געהאַט צו טאָן מיט חובות, מיט וועקסלען, מיטן געריכט; מיר האָבן

פריער זיינען זיי געלאָפן פון דער דייטשער אַרמיי: אַלע טשינאָווניקעס, אַלע סאָלדאַטן, אַלע אָפיצערן, מיט זייערע קאַנצעליאַריעס און מיט זייערע שטאַבן. זיי האָבן אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם ערשט קומענדיק אין ווילנע, פונקט ווי די אַרויסגעטריבענע אידן... אין זינאַאידאַ קלעמענטיעוונאַס געשעפט אַף געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט אין ווילנע האָט איצט גענומען קאָכן פונקט ווי פריער אין איר געשעפט אַף אַלעקסאַנדראָווסקי פּראָספּעקט אין ס״ק. די אַלטע באַקאַנטע האָבן איר ווידער אויפגעזוכט... אָבער ניט אַף לאַנג... די דייטשן זיינען שוין בײַ ווילנע. מען זעט זיי שוין גייענדיק אַהער אַפן וועג פון טראָק און לאַנדוואַראָווע... די רוסישע מיליטער האָט אַזוי גיך, ווי מעגלעך, געמוזט נעמען „די פיס אַף די פּלייצעס“ און לויפן ווייטער. אין דער בהלה האָבן די באַקאַנטע אָפיצערן אַפילו ניט באַוויזן אַריינצוגיין זיך געזעגענען מיט „זינאַאידאַ קלעמענטיעוונאַ“, ווי עס האָט איר געקומט...

זינאַאידאַ האָט אָבער לאַנג ניט געטרויערט... באַלד זיינען אָנגעקומען די דייטשן און פאַרנומען ווילנע. דייטשע מיליטער האָבן זיך צושאָטן איבער אַלע ווילנער גאַסן און אויסגעמאַטערטע פון שלאַכט, דייטשע אָפיצערן מיט בלישטשענדיקע מעשענע היטלען מיט אַ שפּיץ און מיט אַן אָדלער, האָבן זיך געלאָזן שפּאַצירן איבער דעם ברייטן און שיינעם געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט און אַריינגעקוקט אין יעדן געשעפט מיט אַ באַזונדער נייגעריקייט, אפשר וועט מען קענען וואו אָפּכאַפּן דאָס האַרץ צווישן די היזיקע פאַרפלוכטע יודען“...

און אָט אַזוי זוכנדיק האָט אַ יונגער דייטשער לייטענאַנט זיך אָנגעשלאָגן אַף זינאַאידאַס „טעכנישן מאַגאַזין“ און אַריינגייענדיק כלומרשט עפּעס קויפן, וואָס ער האָט גאָר נישט געדאַרפט, האָט ער זיך דערווייל מיט איר באַקענט, און תיכף איז זי מיט אים שטאַרק באַפריינדעט געוואָרן... דעם זעלביקן טאָג איז ער צו איר געקומען אַ צווייטן מאָל, בריינגענדיק אייניקע פון זיינע קאַמעראַדן, אויך זיי באַקאַנט צו מאַכן מיט דער שיינער „פרוי בראָדערמאַן“.

די פרוי בראָדערמאַן איז איצט געווען צופרידן מיט די דייטשע אָפיצערן, ניט ווייניקער, ווי פריער מיט די רוסישע אָפיצערן... דער מאַן איז נאָך אַלץ ערגעץ וואו ווייט... זייער זעלטן פלעגט זי פון אים אַ בריוו באַקומען. און זינט די דייטשן האָבן פאַרנומען ווילנע, איז דאָך שוין גאָר קיין האָפנונג ניט געווען צו הערן עפּעס פון אים, ווייל מען איז דאָך שוין איינער פונם אַנדערן אָפּגעריסן דורך צוויי פיינטלעכע פראָנטן...

אָט אַזוי איז „זינאַאידאַ קלעמענטיעוונאַ“ געוואָרן „פרוי בראָדערמאַן“ און איר „טעכנישער מאַגאַזין“

איז געוואָרן אַ דייטשישער אָפּיצערן ־ קלוב... אָבער דער ערשטער אָפּיצער, וועלכער האָט פריער פון אַלע זיך מיט איר באַקענט, האָט ניט צופיל דערלאָזן די איבעריקע צוצוטרעטן צו פרוי בראָדערמאַן צו נאָענט... ער האָט זי דער ערשטער „אַנטדעקט". און ער אַליין האָט אַף איר אַלע רעכט.... פרוי בראָדערמאַן האָט זיך געלאָזן פון אים „איינגענעמען"... וואָס קאָן מען טאָן קעגן אַ „מעכטיקן שונא"?... זי קען דאָך ניט זיין שטאַרקער פאַר רוסלאַנד!... און אַליין איז זי, און עלנד איז זי. און דער לייטענאַנט איז נאָך גאָר אַ יונגער, אַ גאַנץ שיינער, מיט גרויסע ווילהעלמשע וואָנצעס... האָט זי גאָר ניט געפילט ווי זייער באַקאַנטשאַפט איז ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ברענענדער ליבע... עס איז אַוועק גאָר אַ קורצע צייט, און זיי ביידע האָבן זיך שוין ניט געשיידט, ניט באַטאָג ניט באַנאַכט... געוואוינט האָט ער שוין ניט אין דער קאַזאַרמע, נאָר ביי פרוי בראָדערמאַן אין הויז, און אין אַ לייידיקער צייט פלעגט ער איר אַפילו העלפן פירן דעם געשעפט. סחורה פאַרן געשעפט פלעגט מען קענען איינקויפן נאָר אין דייטשלאַנד, אָבער די איינוואוינער פון די אָקופּירטע געגנטן פלעגן זייער שווער באַקומען דערלויבניש צו פאָרן קיין דייטשלאַנד גופא, אין קעניגסבערג אָדער אין בערלין, צוליב דעם חשד, אַז זיי זאָלן דאָרט דערוויל נישט שפּיאָנעווען. דער לייטענאַנט פלעגט דעריבער אָפט פאָרן קויפן פאַר איר סחורה. ער פלעגט זיך אויך מיען, אַז דער דייטשער אָקופּאַציאָנס ־ שטאַב זאָל אַלע באַשטעלונגען מאַכן אין דעם מאַגאַזין פון זיין געליבטער. דער מאַגאַזין האָט „געבליט" און די געליבטע פאַר האָט אויך געבליט"...

אָט אַזוי האָבן זיי געלעבט, ווי די טייבעלעך די עטלעכע יאָר פון דער דייטשער אָקופּאַציע אין ווילנע. בלויז צוויי מאָל האָט אַ וואָלקנדל זיך באַוויזן אַף זייער לויטערן הימל פון פרידן און גליק. „פרוי זיס" — אַזוי פלעגט דער דייטשער אָפיצער רופן זיסלען — האָט געהאַט אַ אינגל פון איר מאַן, ווי איך האָב שוין פריער פאַרבייגייענדיק דערמאָנט; אַ אידישער אינגעלע, מיט אַלע פּיטשעווקעלעך און מיטן גוטן פלינקן קעפל. צו יענער צייט איז דער אינגל אַלט געווען גוטע אַכט יאָר. דער דייטשער לייטענאַנט האָט אים פיינט געהאַט גאָר סכנות. פאַר וואָס? ערשטנס, דערפאַר, ווייל דער דייטשער לייטענאַנט האָט נישט געקאָנט ליידן אַ אידישן גליד און איז געווען אַן אמתער „שונא ישראל", ניט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז געווען אַן „אוהב ישראלטע"... צווייטנס, פלעגט טאַקע דער אַכט יאָריקער אינגל מיט די קלוגע אויגעלעך אים זייער שטערן... ער פלעגט שטענדיק אַרויסוואַקסן פון אונטער דער ערד ווען מען דאַרף אים ניט.... עס איז נישט מורא געהאַט פאַרן געריכטס־פּריסטאַוו... גוטע צייטן זיינען דאָס געווען — אָן זאָרגן.

## צו דער לבנה...

זיין געליבטע האָט אים ניט געקענט מער באַהאַלטן — פון דעם פראָנט איז ער אַנטלאָפן—און ער איז אַרוים אַף דער גאַס. וואָס וועט זיין—וועט זיין! אָוונט. ער האָט אַ ניי־געטאָן אַהין און אַהער—ווי אַף אַ שטריק. פּלוצים באַמערקט ער, ווי ניט ווייט פון אים שטעלט אַ „פּאַטרול" אָפּ די פאַרבייגייענדיקע און רעווידירט זייערע דאָקומענטן. דאָס באַקאַנטע אַנגסטפרעסטל האָט אים פאַרגליווערט די פּאַטילניצע און די קני — און ער איז אַריינגעפאַלן אין דעם ערשטן הויזטויער באַם טראָטואַר.

ווי איינער, וואָס מען לויפט אים נאָך, איז ער נישט געבליבן שטיין, נאָר געגאַנגען ווייטער, אַף די טרעפּ, אַרויף, אַרויף. ערשט דאָ האָט ער באַמערקט, וואָס דאָס איז פאַר אַ הויז: דאָס איז געווען די „אוראַניאַ", וואו גאַנץ אויבן, אַף דעם לעצטן דאַכלאָזן עטאַזש, איז איינגעריכטעט אַן אַסטראָנאָמישע „אַטעליע". דאָ איז ער צוזאַמענגעקומען מיט שול־יוגנט, אינגלעך און מיידלעך, וועלכע האָבן זיך געשטופּט צום טעלעסקאָפּ. אַ יונגער „אַסטראָנאָם", אַ זעכצען־יאָריקער אינגל, האָט, מיט דער הילף פון אַן אַלטן דינער, געדרייט דעם גרויסן טעלעסקאָפּ אַהין און אַהער, און אַלצדינג גענוי דערקלערט.

— דאָס איז דער דאָפּל־שטערן!

— ווי שיין!.. — האָבן זיך אַנטציקט די קליינע מיידלעך, זעענדיק אין הימל צוויי בלאָע גרויסע דיאַמאַנטן, איינער נעבן דעם אַנדערן.

אין די ווינקלעך, אין די שאָטנס האָבן געשטופּט קליינע פּאָרלעך: אַ אינגל מיט אַ מיידל, אַ גאַנץ אַנדערע לופט איז דאָ געווען — עפּעס פון יענער זאָרגלאָזיקייט, וואָס הערשט אוודאי דאָרט, אַף יענע ווייטע פריילעכע הימל־קערפּערס. ביז דער יונגער אַסטראָנאָם האָט אויסגערופן:

— היינט גענוג! מאָרגן וועל איך אײַך ווייזן נאָך.

די קליינע חברה האָט אָנגעהויבן זיך באַנאַנדערצוגיין. דער דעזערטיר איז צו צום אַלטן דינער און געבעטן:

— איך האָב נאָך נישט געזען די לבנה, ווייזט מיר זי. מיר ביידע בלייבן נאָך דאָ אַביסל. איר באַקומט טרינקגעלט.

— דער הער וויל זען די לבנה.

— נו, קענסט אים ווייזן. אָבער די לבנה איז גוט צו זען, ווען זי איז פּנימהדיק, און נישט פול, ווי זי איז איצט. גוטע נאַכט!

דער דינער האָט אָנגעשטעלט דעם טעלעסקאָפּ אַף דער לבנה און באַמערקט:

— אָבער ניש לאַנג. איך מוז באַלד צושפּאַרן.

דער דעזערטיר האָט פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, צוגעמאַכט איין אויג און געקוקט, געקוקט, געקוקט... אַן אַנדער וועלט, שטיל, רואיק, און ליכטיק — אָן מלחמות, אָן אָקאָפּעס און אָן פּאַטרולס...

— גענוג! — האָט אונטערגעטריבן דער דינער מיטן גרייס: שליסל אין דער האַנט — איך מוז שוין שליסן!

נישט אָפּרייסנדיק זיין אויג, האָט דער דעזערטיר זיך געבעטן:

— בלויז נאָך איין סעקונדע. בלויז נאָך איין סעקונדע!..

## דער מייסטער...

— ... דאָס איז געווען גלייך אין אָנהייב. מיר זיינען געשטאַנען אין וואַלד נישט ווייט פון די רוסן. אַ רומענישער סאָלדאַט האָט פּלוצים גענומען רייִדן צו אונז רוסאָפילישע רייד. האָבן מיר דאָס גלייך געמאָלדן דעם קאָמפּאַני-קאָמענדאַנט. „וואָס דערציילט איר האָב מיר?! — האָט ער אַף אונז אָנגעשריען — נעמט אַ שטריק און הייגנט אים אוף אַף דעם נאָענטסטן בוים!“ מיר האָבן אַזוי געטאָן.

— ... נאָך דער גרויסער נידערלאַגע אונזערער הינטער לעמבערג, האָבן מיר אין לעמבערג אופגעהאַנגען אַ רומענישן גלח, דריי אַלטע רומענישע פרויען און צוויי יונגע מיידלעך — אין איין ריי...

— ... אין טשערנאָוויץ...

אָט אַזוי האָבן זיי געהאַלטן אין איין

פון אים געווען ניט אויסצוהאַלטן... זיין מוטער אַליין האָט אים פיל מאָל געשלאָגן דערפאַר, וואָס ער האָט אַ טבע אומעטום אַריינצושטעקן זיין נאָז און אַריינברענגען אין כעס דעם „פּרינץ“. ד. ה. דעם לייטענאַנט. דער לייטענאַנט פלעגט אָבער זיך ניט באַגנוגענען מיט די קלעפּ, וואָס די מוטער, „פרוי זיס“ פלעגט איינטיילן איר קינד און ער פלעגט נאָך יעדעס מאָל אים צולייגן צען מאָל אַזוי פיל „אַפן אייגענעם רעכענונג“... דער מוטער פלעגט עס די ערשטע צייט פאַרדריסן — פאָרט אַ מאַמע, פלעגט זי זיך פּרוּוון אָננעמען פאַרן אינגל. אָבער, אַז צוליב דעם פלעגן שפּעטער אַרויסקומען זייער אומאַנגענעמע סצענעס און אַז איר „פּרינץ“ האָט איר אַמאָל געזאָגט, אַז זי זאָל איינמאָל פאַר אַלעמאָל אויסקלייבן אָדער אים אָדער איר פרעכן „ייִדן-בענגעל“, האָט זי זיך אונטערגעגעבן און געלאָזן אים טאָן מיט איר קינד, וואָס ער וויל.

און אָט אַזוי האָט מען דעם אינגל מיט איין מאָל אינגאַנצן אופגעהערט צו זען... שכנים האָבן געהערט, אַז מיט אַ נאַכט פריער האָט ער שרעקלעך געוויינט, ווייזט אויס, אַז מען האָט אים געשלאָגן. מען האָט אויך געזען דעם אָפיציר קומענדיק יענע נאַכט צו זיין „זיסע“ טויט שיכור, עפּעס נאָך אַן אָפיצערסקן באַל... און אַף מאָרגן טאַקע איז דער אינגל נעלם געוואָרן, ווי אין דער ערד אַריין, שונאי ציון... די מוטער האָט פאַר די שכנים דערציילט, אַז איר באַקאַנטער לייטענאַנט האָט אים אָפּגעפירט קיין בערלין, וואו ער האָט אים אָפּגעגעבן אין אַ „דייטשער שולע“ צו ערציען. און טאַקע אין דעם זעלבן פרימאָרגן איז דער לייטענאַנט אויך נעלם געוואָרן אַף אַ פּאָר טעג. צווישן די שכנים האָט אָבער ווער אַרויסגעלאָזן אַ קלאַנג, אַז דער לייטענאַנט האָט דעם אינגל יענע נאַכט דערהרגעט. (אַנדערע האָבן אַפילו אין שלאָף געהערט אַ שאָס אין דעם הויז). און דערנאָך האָט ער אים שטילערהייט וואו עס איז אַוועקגעפירט אַפן נאָענטן פראָנט און באַגראָבן אין די טראַנשייען, ווי עס האָבן גאָר ניט זעלטן פּאַסירט אַזעלכע זאַכן אין דער מלחמה-צייט... אין יענע בלוטיקע צייטן איז אַלץ מעגלעך געווען צו גלויבן... דער עיקר איז אָבער, אַז דער אינגל, דער דאָרן אין אויג בײַ דער פאַרליבטער פּאָר, איז מער ניט געווען אין שטוב, און זייער ליבע האָט איצט געקאָנט אויפלאַקערן פרייער און הייסער ווי פריער!

דער צווייטער אומאַנגענעמער מאָמענט איז געווען, ווען אַף דעם פירטן יאָר נאָך דער דייטשער אָקופּאַציע אין ווילנע, האָט פרוי זיס פּלוצלינג באַקומען אַ בריוו פון איר מאַן... דאָס איז שוין געווען נאָך דער באָלשעוויסטישער איבערקערעניש און נאָך דעם ברעסט-ליטאָווסקער פרידנס-טראַקטאַט

צווישן דער סאָוועט־רעגירונג און דייטשלאַנד. בראַדערמאַן איז נאָך אַלץ געווען אַפן פראָנט: דאַמאַלסט איז ער שוין געווען אַף איינעם פון די באַלשעוויסטישע פראָנטן אין סיביר קעגן קאָלטשאַק און די „ווייסע אַרמייען“. אַז זיין ווייב איז נאָך דעם גירוש פון ס״ק אַריבערגעפאָרן קיין ווילנע און זי האָט איצט אַף געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט אַריבערגעפירט איר געשעפט, — דאָס האָט ער זיך דערוואוסט, גלייך ווי די רוסן האָבן פאַרלאָזן ווילנע, פון אַן אַלטן באַקאַנטן אָפיצער. וואָס איז פון ס״ק אויך מגולגל געוואָרן קיין ווילנע און פון ווילנע איז ער אָפּגעשיקט געוואָרן אַף דעם זעלבן פראָנט, וואו ער, בראַדערמאַן, האָט דאַן געדינט...

„וואָס טוט מען? וואָס ענטפערט מען דעם מאַן?“ — דאָס האָט איר לאַנג געעגבערט אין מוח. ענדלעך האָט זי באַשלאָסן, מיט דעם צושטים פון איר „פרינץ“, אַז בעסער וועט זיין גאָרניט צו ענטפערן... זאָל ער דאָרטן קלערן וואָס ער וויל... זאָל ער מיינען, אַז זי איז געשטאָרבן...

בראַדערמאַן האָט אָבער ניט גערוט און געשיקט בריוו נאָך בריוו. די ווייב זיינע האָט שוין אַפילו די בריוו זיינע נישט געעפנט, און דער לייטענאַנט, איר „פרינץ“ פלעגט די בריוו פאַרברענען באַלד ווי זיי פלעגן אָנקומען. דערווייל האָט דער וועלט־קריג דערגרייכט זיין סוף. דייטשלאַנד איז צושלאָגן געוואָרן: ווילהעלם איז אַראָפּגעשליידערט געוואָרן פון זיין גדולה, עס איז אונטערגעשריבן געוואָרן דער ווערסאַלער פרידנס־טראַקטאַט, לויט וועלכן דייטשלאַנד האָט געמוזט אָפּטרעטן פון אַלע אָקופּירטע געגנטן. דערונטער האָט די דייטשע אַרמיי געמוזט באַפרייען אויך ווילנע, וועלכע עס האָבן פאַרנומען די פּאָליאַקן. געדויערט ניט לאַנג און די סאָוועטן־מאַכט דערקלערט אַ קריג פּוילן... די סאָוועטן האָבן שוין דאַן געהאַט צוקלאַפּט קאָלטשאַקן אין סיביר, האָבן זיי אַריבערגעשליידערט פון דאָרטן די רויטע אַרמיי אַף דעם פּוילישן פראָנט, און האָבן קודם כל פאַרכאַפּט ווילנע, וואו די פּאָליאַקן האָבן נאָר וואָס אַריינגעשטעלט אַ פוס... צווישן די רויטע אַרמייער, וועלכע האָבן פאַרנומען ווילנע איז אויך געווען אונזער בראַדערמאַן...

אויסצוגעפינען דעם אַדרעס פון זיין ווייבס גרויסן געשעפט אַף געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט איז אים געווען ניט שווער. איר נאָמען, צוליב איר ראָמאַן, האָט איבערהויפּט געקלונגען אין יענער גאַס. עס איז גענוג געווען צו פרעגן אַף „פרוי בראַדערמאַן פון דעם טעכנישן מאַגאַזין“ און מען האָט אים באַלד געענטפערט: „אַ, יענע, די, וואָס ליבט זיך מיטן דייטשן לייטענאַנט? גייט ר׳ איד, גלייך און גלייך און פאַרקירעוועט זיך...

וואָס עס האָט זיך אָפּגעטאָן ביי „פרוי זים“ אין

דערציילן, די אַלע צוריקגעקומענע פון „פעלד“. אומעטום, אומעטום: ביים ראַזירער, אין טראַמוויי, אין קאַפעהויז. אַלע אַרום האָבן נייגעריק געהערט און באַוואונדערט די העלדן. נאָר איינער האָט זיך דערביי געכמורעט און געקוקט אַף זיי מיט ביטול, פון אויבן־אַראָפּ, ווי ס׳קוקט אַ מייסטער אַף דילעטאַנטן. דאָס איז געווען דער הער לאַנג — דער באַקאַנטער עסטרייכישער הייניקער.

## אָט איז ער אויך!...

ס׳איז רואיק געוואָרן אַף אַלע פראָנטן — און די איבערגעבליבענע האָבן זיך ביסלעכווייז גענומען אומקערן צו זייערע פריערדיקע באַשעפטיקונגען. די אילוסטרירטע צייטשריפטן זיינען געווען פול מיט בילדער פון די טאָג־העלדן, די העלדן פון די גרויסע געשעענישן, און עס האָט זיך געדוכט, אַז נאָר צוליב דעם אַליין, ד. ה. נאָר צוליב, אַז זיין בילד זאָל פאַרעפנטלעכט ווערן, האָט דער פעלדמאַרשאַל געקעמפט, וואו ער האָט געקעמפט, די פאַרעפנטלעכונג פונם בילד — דאָס איז דער ציל פון אַלע צילן.

אין איינעם פון יענע טעג, נאָכדעם, ווי מען האָט זיך געקענט לייכטער באַוועגן פון אָרט צו אָרט, איז איינער געקומען פון זיין קליין שטעטל אין דער רעזידענץ־שטאָט, כדי דאָ עפּעס וויכטיקעס צו דערליידיקן. ווי ער איז נאָר אַרויס פונם וואקזאַל, איז פאַר אים פּלוצים אויסגעוואַקסן אַן עלעגאַנטער הער און האָט מיט אים פאַרפירט אַ שמועס. עפּעס אַ שטאַרקע סוגעסטירנדיקע פערזענלעכקייט, וואָס איז שווער זיך פון איר צו באַפרייען. אָט באַט ער אים אָן שטילערהייט ביי אים צו קויפן דיאַמאַנטן. דערביי רעדט ער און קוקט אַזוי, אַז מען קען אים לחלוטין נישט אָפּזאָגן. קורץ: עס האָט נישט לאַנג געדויערט — און דער נאַאיווער פּראָווינציאַל איז געבליבן שטיין אַליין, אָפּגענאַרט און באַרויבט, אינם טומל פון דער גרויס־שטאָט.

פאַרצווייפלט איז ער געלאָפן צו דער פּאָליציי — און אין זיין פאַנטאַזיע איז דער פאַרשוואונדענער אויסגעוואַקסן צו

אַ מין איבערמענטש, וואָס לאַכט פון דער גאַנצער וועלט, וואָס לאַכט פון די גרויסע געשעענישן מיט זייערע גרויסע העלדן צוזאַמען. אָט פאַנגט ער מענטשן אַף דער גאַס, ווי פריער, ווי פאַר דער מלחמה און דער רעוואָלוציע, פונקט ווי אינצווישן וואָלט גאָרניט פאַסירט. איז דאָס ניט איינער אַ וואונדערלעכער, וואָס זיין אָרט איז צווישן אַלע אַנדערע גרויסע מענטשן?

אין דער פּאָליציי האָט מען אים געוויזן דאָס פאַרברעכער־אַלבום — און דאָ האָט ער געפונען יענעמס בילד, באַפרידיקט האָט ער אויסגערופן:

— אָט איז ער אויך!..

## דער שמייכל...

מיין פריינט איז געווען רעליגיעז־וויינעריש, בעת איך, דער אַפּיקורס, האָב געשמייכלט. פאַרשטייט זיך אַז ער האָט נישט געקאָנט זיצן, ווי איך אינם „הינטערלאַנד“, נאָר זיך געשטופּט צו די סאַמע געפערלעכסטע ערטער. ביז איך האָב באַקומען אין אַ פרימאָרגן אַ ידיעה, אַז ער איז דערהרגעט געוואָרן.

צוליב דער ווייטקייט פון דער צייט און אָרט, וואָס האָט אונז צושיידט, בין איך נישט דערשיטערט געוואָרן. אָבער אָט האָט איינער געבראַכט פונם פּאַסירונג־אָרט אַ פאָטאָגראַפיע פון דעם געהרגעטן — און מיר איז פינסטער געוואָרן פאַר די אויגן, יאָ, ער איז דאָס, ער — און איך האָב זיך צעוויינט.

אַזוי אַרום האָבן מיר זיך געביטן מיט אונזערע ראָלן: איצט האָב איך געוויינט, בעת ער, דער געהרגעטער, האָט געשמייכלט.

שטוב, צווישן מאַן און ווייב. ווען ער איז אַהין געקומען, זאָלט איר גאָר ניט פרעגן. עס איז שוין דאַן געווען שפּעט אינאָוונט. דער מאַגאַזין איז שוין געווען געשלאָסן, און דער דייטשער לייטענאַנט איז דאַן געווען ביי זיין געליבטע, ווי שטענדיק, און געלאָזן זיך וואוילגיין ביי דער וועטשערע, ווי אַן אמתער באַלעבאָס אין שטוב. ווען דער מאַן האָט גענומען פאָדערן פון זיין ליבער ווייב אַ דערקלערונג צו דעם, וואָס ער זעט דאָ אין הויז, און געפרעגט וואו זייער קינד איז, און ווען זי, די ווייב, האָט אָנגעהויבן צו חלשן, האָט ער, דער לייטענאַנט, אים איינפאַך אַרויסגעוואָרפן פון הויז, אָנשטעלנדיק קעגן אים זיין רעוואָלווער... דערווייל האָט אַ טייל פון דער רויטער אַרמיי געמוזט זיך לאָזן לויט דעם באַפעל פון טראָצקין, גלייך אַף מאָרגן, נאָך ווייטער, אַלץ נעענטער צו וואַרשע... ווי בראָדערמאַנען איז געווען צום מוט צו גיין איינעמען פוילן פאַר טראָצקין אין אַזאַ דראַמאַטישן מאָמענט פון זיין אייגענעם לעבן, קען מען זיך לייכט פאָרשטעלן. אָבער בלייבן אין ווילנע, אַלס „דעזערטיר“, האָט ער ניט געקאָנט, ווי באַלד מען האָט געהייסן גיין...

די רויטע אַרמיי איז צוקלאַפּט געוואָרן לעבן וואַרשע, און בראָדערמאַן איז ווידער אָנגעקומען אין ווילנע. איצט האָט בראָדערמאַן אָנקומענדיק קיין ווילנע, אַף גיך אויסגעטאָן זיינע רויט־אַרמיי קליידער און שוין געבליבן דאָ זיצן. גלייך אַף מאָרגן איז ער ווידער אַוועק צו זיין ווייב. ער האָט שוין מער נישט געזוכט איר פריערדיקע ליבע צו אים, צו איר געזעצלעכן מאַן. אַ ווייב, וואָס קאָן אַזוי שענדלעך אָפּנאַרן איר מאַן, מעג כאַפּן דער טייוול! זאָל זיך מיט איר האַלטן דער דייטשער לייטענאַנט! אָבער דאָס געשעפט — דאָס געשעפט איז דאָך לויטן געזעץ זיינער! זי האָט דאָך אים איבערגעפירט אַהער פון ס״ק! און זיין קינד! זאָל זי אים צוריקגעבן זיין געשעפט און זיין קינד — מער פאַרלאַנגט ער פון איר ניט! אַז דאָס ווייב האָט געזען, אַז זי קאָן פון אים נישט פּטור ווערן, וואָרום ער האָט געוואָלט גיין צו דער נייער פוילישער נאַטשאַלסטוואָ און פאָדערן זיינע רעכטן דורכן געריכט, איז זי געפאַלן אַף אַ בלוטיקן פּלאַן... ווי די שכנים האָבן געזאָגט, זאַל דאָס איר טאַקע איר לייטענאַנט געהאַט אָנגעלערנט. זי איז אַוועק צו דעם פוילישן מיליטערישן קאָמענדאַנט פון ווילנע און אים איינגערוימט אין אויער אַ מסירה אַף איר אייגענעם מאַן, אַז ער איז אַ „באָלשעוויק“, אַז ער איז אַהער געקומען מיט דער רויטער אַרמיי, אַז ער האָט מלחמה געהאַלטן קעגן די פּאָליאַקן און איז איצט איז ער דאָ בכיון פאַרבליבן אַלס אַ באַהאַלטענער באָלשעוויסטישער שפּיאָן...

מער האָט מען נישט באַדאַרפט. אין פיר און צוואַנציק שעה צייט האָט מען בראָדערמאַנען געפּאַקט און אים אופגעהאַנגען!

נאָר דאָס גליקלעכע לעבן פון דער „פרוי זים" מיט איר געליבטן פרינץ" האָט נאָך דער שרעקלעכער מסירה ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. די פוילישע רעגירונג האָט געפאָדערט פון אַלע דייטשע מיליטער־לייט, וועלכע ווילן בלייבן אין די פריערדיקע אָקופּירטע געגנטן, וואָס געהערן איצט צו פוילן, אַז זיי מוזן אַרויסטרעטן פון דער דייטשער אַרמיי און אויסטאָן זייערע פריערדיקע דייטשע פרעכטיקע מיליטער־קליידער, אויב זיי ווילן דאָ בלייבן וואוינען אַף ווייטער. „דער פרינץ" איז געוואָרן אַן איינפאַכער באַזיגטער דייטש, וועלכער האָט זיך געפילט פאַרהאַסט פון אַלע אַרומיקע פּאָליאַקן. צו יענער צייט האָבן זיך אָנגעפאַנגען צווישן דעם פּאָרל סצענעס פון אייפערזוכט. צו דער „פרוי זים" אין געשעפט האָבן אָנגעהויבן אַריינקומען פוילישע אָפיצערן, צו וועלכע זי האָט, זיך איצט גענומען חנדלען פונקט ווי פריער צו די דייטשע אָפיצערן און נאָך פריער צו די רוסישע. די אַמאָליקע „זים־לע בראָדערמאַן" האָט שוין היינט געהייסן אַף פויליש „פּאַני זאָסא"... אין אמתן גערעדט, האָט זי באַ די האָנאָראָווע פוילישע אָפיצערן ניט געהאַט אַזאַ דערפאָלג ווי ביי אירע פריערדיקע באַקאַנטע... זי איז שוין איצט נישט געווען אַזוי יונג ווי אַמאָל... דער געוועזענער לייטענאַנט האָט אָבער דאָך ניט ניט געוואָלט לאָזן איר זיך פריינדלען מיט די פוילישע אָפיצערן, וועלכע ער האָט אין האַרצן, אַגב, זייער ניט ליב געהאַט... ער פלעגט איר דעריבער פאַרפאָלגן, פייניקן, און אַ פּאָר מאָל איר אויך גוט אָנגעפאַטשט, ווען ער האָט איר געפונען אין קראָם אַליין מיט אַ פוילישן אָפיצער אין אַ צו וואַרעמען געשפּרעך...

די ליבע צווישן זיי איז געוואָרן אַלץ קעלטער. פאַר איר איז ער שוין מער נישט געווען קיין פרינץ, אָן עפּאָלעטן און אָן אַ גלאַנציקע מעשענע היטל מיט אַן אָדלער. זי פאַר אים, ווידער, איז געוואָרן אַלץ עלטער און מיאוסער. דערצו האָט מען אים פון דער היים, פון בערלין, אַלץ עפטער גענומען רופן צוריק... גענוג געהוליעט... אויס מלחמה! אַלע לייטישע געוועזענע מיליטער־לייט זיינען שוין לאַנג אין דער פאָטערלאַנד, דעמאָביליזירטע, און פירן אַ רויִקן, אָנשטענדיקן פאַמיליען־לעבן. און איז עס טאַקע פאַר אים אַ פּלאַן צו פאַרבלייבן אין פוילן אַף אייביק באַ אַ אידישער קרעמערקע?..

איינמאָל האָט ער איר דערקלערט, אַז ער פאָרט „צוריק נאָך דייטשלאַנד". זיין געליבטע האָט אים ניט שטאַרק געבעטן, אַז ער זאָל נאָך פאַרבלייבן... איר האָט נאָר פאַרדראָסן; וואָס ער האָט ביי איר



# דער מאַמעס סוד

## דערציילונג פון א. שטיינבערג

.1

זיין מאַמע האָט דער זעכצניעריקער זיגבערט לעווי פשוט פאַרגעסן. און ווי האָט עס געקענט זיין אַנדערש, ווי אַזוי האָט ער ניט געזאָלט ווערן דער מאַמעס אַ קינד, אַז פון די וויקעלעך אָן, אַזוי ווייט ווי עס האָט געגרייכט זיין זכרון, איז זי שטענדיק געווען פאַר אים אי דער גוטער מלאך, וואָס היט אָפּ יעדן טריט, ווי דאָס קען נאָר אַ מאַמע — אי דער שטרייַנגער האַר, וועמעס וואָרט איז אַ געזעץ, ווי דאָס פירט זיך נאָר באַ אַ טאַטן; אי אַ געטרייער בעל־סוד — אי זיין גערעכטער שופט; אַ קוואַל פון רחמנות און אַן אוצר פון חכמה; פריינט און רבי — קורץ, מאַמע און טאַטע אין איינעם.

פאַרשטייט מען שוין, אַז זיגבערט האָט זיך געהאַדעוועט אָן אַ פאָטער. דעם פאָטער האָט ער פאַרלאָרן, ווי אַסך קינדער אין זיין עלטער, ווען ער איז נאָך געווען גאָר אַן עופהלע. עס איז געווען דעמאָלט, בשעת דעם גרויסן קריג צוליב בעלגיע, ווען אַלע דייטשן זיינען אופגעשטאַנען ווי איין מענטש, כדי צו ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד. האָט פרוי לואיזע לעווי פון דעמאָלט אָן געמוזט שפּילן איר טאָפּלטע ראָלע, און ס'איז

געווען ממש נתפּעל צו ווערן, וואָס פּאַר אַ בריהשאַפט זי האָט דערביי אַרויסגעוויזן. מיט איר יתומל אַף די הענט, האָט זי געפירט ניט בלויז דאָס הויז, הלואי אַף אַלע דייטשקעס געזאָגט געוואָרן, נאָר אויך דאָס פאַריתומטע דראָגן-געשעפט אַף דער ולומער-גאַס. און דאָס ציען חיונה און דוקא היפשע חיונה פון אַ דראָגעריי אין דער דאָזיקער לומערס גאַס — איז געווען גאָר ניט קיין לייכטע זאַך, ווייל כמעט יעדע פינפטע טיר האָט זיך דאָ געעפנט אין אַ קראָם מיט פלאָשקעס און פילן, מיט זייפן און זאַלבן. אָבער דאָס קליינטשינקע יונג ווייבל האָט געהאַט אַפּנים גליק אין איר אומגליק. אָדער אפשר איז עס געווען איר פריילעכע צורקע מיטן געזל אַביסל אַף אַרוף, מיט די פונקלדיקע בלויע אויגלעך, וואָס האָבן אַזוי שטאַרק צוגעצויגן דעם עולם, אַזוי צי אַזוי, וואָס גרעסער זיגבערט איז געוואָרן, וואָס רייפער זיין פאַרשטאַנד, אַלץ בעסער האָט ער עס פאַרשטאַנען, פאַרוואָס ער מעג זיך אַזוי גרויסן מיט זיין קליינער מאַמעטשקע. באַזונדערס האָט עס אים אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן נאָך דער בר-מצוה.

ווייל דאָס מעג מען זאָגן: דער גרעסטער קונץ, וואָס פרוי לואיזע האָט אין איר לעבן באַוויזן, איז געווען טאַקע זיגבערט גופא. ווען זי וואָלט געהאַט איר אומפאַרגעסלעכן מאַן ביי דער זייט, וואָלט זי ניט געקענט דערציען איר זון בעסער, ווי זי האָט עס געמאַכט אַליין, אַזן עלנטע, אָן שום פרעמדער הילף, מיט אירע טויזנט דאגות אין קאָפּ. זי האָט זיך געוואונטשן נאָר איינס: זיגבערט זאָל אויסוואַקסן, זיין העלדישן פאָטערס אַ זון — מיט דעם זעלביקן שטאָלצן כאַראַקטער, מיט דער זעלביקער ערלעכקייט, אַ גוטער דייטש, אַ טרייער אָנהייגער פון משה-רבינוס גלויבן. און דאָס איז איר געלונגען — אַזוי האָט זיך איר געדוכט, ווען זי פלעגט אַריינקוקן אין זיגבערטס בלויע אויגעלעך — אַף די גאַנצע הונדערט פּראָצענט. אין זיין פערצנטן יאָר איז דער בחורל שוין געווען אַ גאַנצער בר-דעת. ווי נאָר געקומען אַהיים פון גימנאַזיע — איז אַף גיך איבערגעביסן און



געלאָזן אַ מיידעלע פון אַ יאָר צוויי, וואָס זי האָט פון אים געבאָרן נאָכדעם ווי איר מאַן איז געהאַנגען געוואָרן... דערפאַר האָט ער אין דער לעצטער נאַכט פאַר זיין אָפּפאָרן ליידיק געמאַכט אין געשעפט איר גאַנצע געלט-קאַסע און אויך דאָס קעסטעלע מיט אירע טייערע צירונג האָט ער מיט זיך מיטגענומען, וואָרום ער האָט שטענדיק באַ זיך געהאַט נאָכגעמאַכטע שליסלען צו אַלע אירע שלעסער.

אָט אַזוי איז זי פּלוצלונג געבליבן אַליין מיט איר קליינע מיידעלע און מיט איר טעכנישן מאַגאַזין. די ביזנעס אירע זיינען אָבער געגאַנגען וואָס ווייטער אַלץ ערגער.. אירע נייע פאַרבינדונגען מיט די פּוילישע קונים האָבן זיך עפּעס נישט געהאַלטן. אין פּוילן בכלל און ווילנע בפרט האָט אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער האַנדלס-קריזיס. ניט מען קויפט און ניט מען פאַרקויפט. און קיין געלט איז ניטאָ. וואָרום איר גאַנצער פאַרמעגן אין מזומנים און אין בריליאַנטן איז דאָך געבליבן ביי דעם אַנטלאָפענעם געוועזענעם לייטענאַנט. און צו וואָס זאָל זי נאָך ווייטער זיצן אין ווילנע, וואו אַלע האַסן איר און וואו אַלעמען איז באַקאַנט איר גאַנצע לעבנס-געשיכטע פון די לעצטע יאָרן?.. האָט זי באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין ס״ק, און ס״ק וועט זי צוריק ווערן די זעלבע „זיסלע בראָדערמאַן", ווי פאַר דער מלחמה. אַרויסנעמענדיק אַ „פּאַפּיר" פון דער ווילנער פּאָליציי, אַז איר מאַן איז טויט, וועט זי קומען אופמאָנען זיין ירושה, די צוויי גרויסע הייזער, וואָס ער האָט אויסגעבויט פאַר דער מלחמה אַף דער מאַרק-גאַס... ערשטנס, איז זי דאָך זיין אַלמנה און לויטן געזעץ האָט זי רעכט זיך צו באַנוצן צייטווייליק מיט איר געשטאָרבענעם מאַנס פאַרמעגן. כל זמן זי האָט מיט קיין אַנדערן ניט חתונה געהאַט צווייטנס, איז דאָך איר זון, וואָס זי האָט פון אים נאָך אַלץ אָפּיציעל פאַררעכנט אַלס אַ לעבעדיקער. וואָרום ער איז דאָך אין ערגעץ ניט רעגיסטרירט געוואָרן צווישן די טויטע. און אַזוי ווי דער זון איז דאָך איצט אַלט ניט מער ווי אַ פופצן יאַר, איז זי דאָך, לויטן געזעץ, זיין „אָפּעקונשע", ד. ה. זיין פאַרטיידיקערין און באַשיצערין. דריטנס, אָט איז דאָך דאָ נאָך אַ מיידעלע... ווער וועט עס אין ס״ק וויסן אַז דאָס איז ניט פון איר געזעצלעכן מאַן? ער איז דאָך געווען אין ווילנע אַ קורצע צייט איידער מען האָט אים געהאַנגען...

אַרומטראַכטנדיק דעם פּלאַן פון אַלע זייטן, האָט זי זיך טאַקע געלאָזן קיין ס״ק. אָנקומענדיק האָט זי זיך באַלד גענומען משתדל זיין וועגן איר מאַנס ירושה... דאָ האָט זי אָבער געכאַפּט אַ מיאוסן פּסק, ווי זי האָט פאַרדינט, ווייל אין ס״ק וואוינען איצט איר געוועזענעם מאַנס קרובים, וועלכע האָבן זיך

באזעצט טאקע אין זיינע הייזער און וועלכע האבן שוין לאנג געוואוסט די טרויעריקע געשיכטע. און ווי נאר די אלמנה מיט איר קליינער מיידעלע איז געקומען צו זיי און געוואלט ארויסוואַרפן זיי אפן גאס פון „אירע הייזער", וואס זי האט כלומרשט געירשנט פון איר געהאנגענעם מאן, האבן זיי באלד געגעבן צו וויסן צו דער ליטווישער פאליציי אלע פרטים, ווי אזוי איר מאן איז אומגעקומען דורך איר אייגענער פאלשער מסירה ביי די פאליאקן, די ליטווישע שונאים. און ווי אזוי זי וויל איצט פאר־לייקענען דעם טויט פון איר געוועזענעם מאנס זון, וועמען איר געליבטער, דער דייטשער לייטענאנט, האט אליין דערשאסן, אפשר מיט איר וויסן, כדי צו באקומען איצט דעם מאנס ירושה. און ווי אזוי זי וויל איצט צושרייבן אף איר געהאנגענעם מאנס רעכענונג די מיידעלע, וואס זי האט גאר געבארן פון א דייטשן אפיצער. די קרובים פון דעם געהאנ־גענעם זיינען אליין אין דער צייט פון דער דייטשער אקופאציע אסך מאל געווען אין ווילנע און האבן גוט נאכגעשפירט די טריט פון זייער קרובס אומגע־טרייער ווייב. און איצט האבן זיי בא דער ליטווי־שער פאליציי געבראכט איבערצייגנדע באווייזן וואס באשטעטיקן די פארברעכערישע שולד פון דער אלמנה קעגן איר אייגענעם מאן און קעגן איר אייגענעם אינגעלע...

די ליטווישע פאליציי האט לאנג ניט געטראכט און אריינגעוואַרפן די פארברעכערישע אלמנה אין טור־מע.

די טורמע איז געווען דער לעצטער עטאפ פון „זינא־אידא קלעמענטיעוונאס שטורמישן לעבן.

אראפגעלאפן אין געשעפט, העלפן דער מאמעמשקען. די אלטע קונדן פלעגן, זעענדיק ווי דער יאטל דראפעט זיך פלינק ארוף אפן לייטער און דערלאנגט, וואס מען באדארף, זיך ניט ווילנדיק וויצלען: „זעט נאר, זעט נאר — א ריכטיקער באלעבאס! נאך א פאר יאר און הער לעווי ווערט דער אמתער שעף — וועט ער נאך וועלן האלטן די מאמ־מען אין געשעפט?" זינגבערט האט אזעלכע וויצן ניט געקענט ליידן. ער — איבער דער מאמען? פוי טייוול! און בכלל האט ער גארניט בדעה צו בלייבן ביי די אפטייקערשע סחורות, ער איז אויס עפעס גאר אנדעריש, גרעסערס, וויכטיקערס. וואס?

אין א פרייטיק צו נאכט, ווען ער איז געזעסן מיט דער מאמען נאכן געשעפט אויבן, אין דער היים, ביים טיש מיט די אנגעצונדענע ליכט, האט ער אין מיטן ארויסגעפלאצט:

— איך וויל ווערן א סאלדאט — ווי דער פאטער אן אפיצער—אין פלאט!..

די מוטער האט, ווי מען וואלט זי א צי געטאן מיט א שטריקל, ארופגעקוקט צום בילד פון איר מאן, וואס איז גע־האנגען אפן וואנט, און האט גארנישט געזאגט. אף אירע ליפן האט זיך בלויז באוויזן עפעס אן איראנישער שמייכל, פונקט אזא ווי דארטן אף דער פארגרע־סערטער פאטאגראפיע פון שיינעם יונגן מאן מיטן הויכן שטערן און דעם לייננ־לעכן שמאלן נאז.

אין דעם אויגנבליק האבן זיי אלע דריי: דאס בילד, פרוי לואיזע און איר זון, אויסגעזען מאדנע ענלעך איינס צום צווייטן, ווען עס וואלט אריין אין דער רגע א זייטיקער מענטש, וואלט ער גע־קענט מיינען, אז ביים טיש זיצט ניט א זון מיט א מאמען, נאר א ברודער מיט אן עלטערער שוועסטער.

2.

אזוי איז זינגבערט געווארן פערצן יאר, אזוי איז ער געווארן פופצן, און אז זינגבערט איז געווארן זעכצן, האט זיך פארענדיקט דער צווייאונדרייסיקסטער יאר פון צוואנציקסטן יארהונדערט און אין דייטשלאנדס געשיכטע האט זיך אנגעהויבן א נייע סדרה. שוין עטלעכע חדשים פריער האט זיך זינגבערט נימ־

## ד ע ר  מ אַ מ ע ס  ס ו ד

נאַזיע געהאַט געשפּאָלטן אין צװײ מחנות. װאָס מיר גריכיש און לאַטײן, װאו מיר אַלגעבראַ און געאָמעטריע — די גאַנצע שול האָט געהאַלטן אין אײן אַמפּערן זיך װעגן דער היסטאָרישער פראַגע, װער עס איז שולדיק אין דעם, װאָס דײטשלאַנד האָט אין יענעם גרױסן קריג צוליב בעלגיע געהאַט אַ מפּלה. דאָס רוב האָט געהאַלטן, אַז שולדיק אין דעם זײנען די גימנאַזיסטן מיט די לײנגלעכע נעזער און די שװאַרצלעכע האָר, פאַרשטײט זיך, אין אײנעם מיט אַלע זײערע קרובים און מחותנים; די איבעריקע אָבער, און צװישן זײ זיגבערט לעװי, האָבן זיך געגעבן די גרעסטע מי צו דערװײזן, אַז דאָס איז אַ נאַרישער, מיאוסער בילבול, און אויב עס איז װער שולדיק, איז עס בלױז דײטשלאַנדס אײגענער מזל. באַלד נאָך די ניתל־װאַקאַציעס האָט די מערהײט געזיגט: זײערע פאַרטרעטער — אויך גימנאַזיסטלעך, גאָר דרײ מאָל עלטער װי זיגבערטס פּערזענלעכע פײנט, זײנען געװאָרן דײטשלאַנדס רעגירונג. פון דעם טאָג אָן איז זיגבערט אַרומגעגאַנגען װי אַ צומישטער. אין זײן נשמה האָט זיך געעפנט אַ תהום, װאָס אין אים איז די ערשטע זאַך פאַרזונקען געװאָרן דער גאַנצער דײטשער פלאָט צוזאַמען מיט זײן קומענדן פירער, דעם אַדמיראַל זיגבערט לעװי. אַף דעם בחורלס הויכן שטערן, איבער זײן לײנגלעכער נאָז האָט זיך אויסגעצויגן אַ פינצטערער קנײטש. און אויך פרוי לואיזעס פרײלעכקײט האָט זיך כמעט אין גאַנצן אויסגעװעבט. אײנמאָל — עס איז געװען פאַרנאַכט, די טעג זײנען שוין געװאָרן לײנגער — איז זיגבערט אַרײנגעפאַלן צו דער מאַמען אין קראָם, װי עס װאָלט זיך געיאָגט נאָך אים אַ סטאַדע װעלף:

— מוטער! — האָט ער אַ געשרײ געטאָן גלײך אַפן שװעל (אין געשעפט איז אַחוץ פרוי לעװי קײנער ניט געװען) — מוטער, איך האַלט עס מער ניט אויס! איך האַס זײ!.. װײסטו װאָס די חזירים האָבן מיר הײנט געזאָגט? אַז איך האָב דערמאָנט דעם פאָטער, האָבן זײ — אָך, ס׳אַרא חזירים .. דאָס זײנען! __ האָבן זײ געזאָגט: נו, אַ ברירה האָט ער



# יאָנאַש באַטאָני

קריגס־זכרונות פון **דר. י. טענענבױם**

עס איז תמיד בעסער צו זײן אין אַ גוטער אײדער אין אַ שלעכטער קאָמפּאַניע. דער אַלטער כלל איז תמיד אמת, ספּעציעל אָבער האָט דאָס זיך באַשטעטיקט אין דער מלחמה.

װען מען האָט מיר געגעבן דעם באַפעל צו גײן צום פראָנט, װאָס האָט געמײנט אַף פּראָסטן לשון כמעט אַ זיכערן טויטן־אורטײל, האָט מען מיך געלאָזט אויסקלײבן צװישן אַ פּאָר רעגימענטן. איך האָב געװײלט דאָס שאַרפסטע און טאַפּפערסטע רעגימענט און איך האָב קײנמאָל קײן חרטה ניט געהאַט. איך געדײנק, מיט װאָס פאַר אַ בײסיקער איראָניע מײנע חברים האָבן זיך איבער מיר געװיצלט, װען זײ האָבן געהערט מײן װאַל. איך האָב מיר אָבער געטראַכט. "לאַכט, לאַכט, אַם בעסטן לאַכט, װער עס לאַכט צום סוף". הײנט לעבן ניט מער אַסך פון די חכמים, װעלכע האָבן געהאַלטן פונם כלל, אַז עס איז בעסער צו דינען בא אַן ערגערן רעגימענט, װײל אַזאַ קאַליקע שיקט מען ניט דאָרט, װאו עס איז אַ סכנה. איך האָב געװאוסט בײ מיר, אַז קוגל עסן איז טאַקע גוט מיט חסידים, אָבער אויב מען גײט שוין יאָ זיך שלאָגן, איז טאַקע בעסער מיט אַ גבור בשותפות. און איך האָב מיך משדך געװען מיט דעם בעסטן רעגימענט, אָבער אײנעם פון די בעסטע, װאָס די עסטרײך־אונגאַרישע אַרמײ האָט פאַרמאָגט.

מײן רעגימענט, נומ. 101, איז געװען צונױפגעשטעלט פון מאַדיאַרן אין סלאָװאַקן, און אין אים האָט זיך טאַקע אויסגעדריקט די בעסערע אײגנשאַפטן פון בײדע נאַציעס.

די מ אַ ד י אַ ר ן האָבן צושטײער געגעבן די װײט־

קייט און ברייטקייט פון זייער היימישער פּ ו ש ט אָ, וואו דאָס אויג זעט ווייט און ברייט, נישט באַגעגענדיק קיין שום מניעה, קיין בערגל, קיין טאָל — אַלצדינג איז גלאַט, ווי אַ ווירע.

די ס ל אָ ו אַ ק ן ווידער האָבן מיטגעבראַכט די שטייפקייט און האַרטנעקיקייט פון זייערע גראַניטנע בערגלעך און די אומבאַוועגלעכקייט פון זייער האָריזאָנט.

און פון די צוויי אַזוי־פאַרשידענע עלעמענטן איז געבאָרן געוואָרן אַ וואונדערבאַרער סינטעז.

האָט מען געדאַרפט מאַכן אַן אַטאַקע, אַזוי פלעגן די מ אַ ד י אַ ר ן פליען ווי רוחות. זיי פלעגן אַוועקוואַרפן די געווער, פאַרבייסן דאָס מעסער צווישן די ציין און קאָכן פאַר רציחה. אַז עס איז געווען אַן אימה זיי אָנצוקוקן. האָט מען אַ בליק געטאָן אַף די ווילדע אויגן פאַרלאָפן מיט בלוט, און געזען די ווייסע פיענע רינען פון די אכזריותדיקע מיילער, אַזוי האָט מען געוואוסט „יאַציקאַט“ (אַ גוטע נאַכט) — דער שונא וועט ניט מער דערלעבן צו זען די זון אופגיין. — האָט מען אָבער באַדאַרפט אויסהאַלטן דעם פיינטלעכן אימפּעט. אַזוי זיינען ווידער די ס ל אָ ו אַ ק ן געווען די הערן פון דער סיטואַציע.

שטיל, פאַרעקשנט און פאַרביסן פלעגן זיי ליגן אין די טראַנשייען, און כאָטש עס האָט געמעגט אַף זיי האָגלען דאָס שטאַרקסטע אַרטילעריע־פייער פלעגן זיי זיך פאַמעלעך קנייפּן שטיקער ברויט פון זייערע ברויט־טאָרבעס, גלייך ווי עס וואָלט זיי דאָס גאַנצע גאָר ניט אָנגעגאַנגען. די רוסן האָבן עס געוואוסט, אַז אַ סלאָוואַק צו רירן פון זיין טראַנשיי איז פּונקט אַזוי שווער ווי צו פאַראַקערן דעם שטיינערנעם סלאָוואַקישן באָדן. זיי פלעגן זיך ניט איינמאָל צוברעכן די ציין, ווען זיי האָבן געוואָלט געבן אַ בים דעם סלאָוואַקישן פראָנט.

די מ אַ ד י אַ ר ן האָבן געשיינקט דעם רעגימענט זייער ברייטע נשמה און זייער גליענדיקן טעמפּעראַמענט, די ס ל אָ ו אַ ק ן ווידער האָבן אים געגעבן אייזערנע ביינער, אַ מין דעמבענעם אונטערשפּאַר, דעם חוט השדרה, דעם רוקן־ביין.

און איר וועט אויך פאַרשטיין, אַז צו זיין אַ העלד ביי אַזאַ העלדישן רעגימענט איז געווען שווער, פּונקט אַזוי ווי עס איז געווען שווער צו זיין אַ פייגלינג. נאָר איינעם האָב איך געקענט, אַ העלד פון העלדן, און דאָס איז געווען י אָ נ אַ ש ב אַ ט אָ נ י, דעם „אָפיצערס־אַספּיראַנט“.

„אָפיצערס־אַספּיראַנט“ איז געווען זיין צונאָמען באמת איז ער געווען אַן אונטעראָפיציר, וואָס האָט די גאַנצע צייט ביים רעגימענט געשטרעבט צו ווערן אָפיציר און איז געבליבן ביי די אַספּיראַציעס ווי אַ הונגעריקער ביים אַפּעטיט. פון וואַנען



געהאַט, וואָלט ער ניט געגאַנגען אין קריג, וואָלט מען אים דערשאָסן ווי אַ דעזערטיר...

— הינט! עקלהאַפטע, שמוציקע הינט... ניין! דאָס האַלט איך מער ניט אויס... איך לויף גלייך צום בייערישן פּלאַץ, צו די ראָזנשטיינס... איך פאַרשרייב מיר ביי די חשמונאים...

— חשמונאים?!.. — האָט אַ דערשראָקענע געפּרואווט פרעגן פרוי ליזע.

— יאָ! די מאַכאַבייער! די אַטלעטן... שווערע און לייכטע. מען באָקסט, מען שפּרינגט, מען וואַרפט שפּיזן...

— זיגבערטל! — האָט די מוטער געפּרואווט אים באַרואיקן אָבער — וואו ווער! שוין איז ער פאַרשוואונדן. יאָגט זיך נאָך אַ שטורעם־ווינט. איז טאַקע זיגבערט אין דעם זעלביקן אָוונט געוואָרן אַ מיטגליד פון מכבי.

און די נאַטור האָט זיך דערווייל, ווי איר טבע איז, געטאָן אירס. דער מאַרט האָט מיט זיין וואַרעמען אָטעם אַוועקגעלאָזן די פייכטע פעברואַל־נעפּלען און האָט זיך געאיילט צום אַפּריל צו. דער ערשטער טאָג פון חודש אַפּריל איז אין דייטשלאַנד געווען שטענדיק דער יום־טוב פון די חדר־אינגלעך. אין דעם טאָג האָבן זיי געקענט אין מיטן גאַס אָפּנאַרן דעם כבודיקסטן פאַרבייגייער, אַזוי זיך, צוליב וויץ. אַ גייט זיך פאַמעלעך דער זייער חשובער הער שולצע. שרייט מען פון הינטן „הער שולצע! הער שולצע! איר האָט עפּעס פאַרלאָרן!“ טוט זיך הער שולצע האַסטיק אַ דריי אַף צוריק און שוין הילכט עס אים אַנטקעגן פון אַ האַלבטוצנט העלזלעד: „בע, בע! ערשטער אַפּריל!“ שמייכלט הער שולצע, און איז גאָרניט ברוגז, ווייל עס איז ריכטיק, עס איז באמת דער ערשטער אַפּריל, און אַזוי פירט זיך עס מקדמונים. אין דעם יאָר האָבן אָבער די דייטשע חדר־אינגלעך געקראָגן די שליטה איבער דייטשלאַנדס רעגירונג. האָט די רעגירונג באַשלאָסן צו מאַכן דעם ערשטן אַפּריל, פאַר אַ נאַציאָנאַלן יום־טוב, און אַזוי ווי דער ערשטער איז דאָס מאָל אויסגעפאַלן גראָד שבת, דעם הייליקן טאָג פון די, צוליב וועמען מען

האָט אָנגעוואָרן בעלגיע, איז מען געפאַלן אַף דער המצאה צו מאַכן אַביסל הוזק פון זייער משהם געבאָטן: לויט זיין געזעץ מאָר אום שבת אַ איד באַאַן איד ניט קויפן, לאָזן מיר ארויס אַ געזעץ, אַז היינטיקן שבת מעג קויפן באַאַן איהן, נאָר אַ איד. כדי דער נאַציאָנאַלער וויץ זאָל בלייבן ניט נאָר אַפן פאַפיר, האָט מען אַוועקגעשטעלט אין גאַנץ דייטשלאַנד, ביי יעדער אידישער קראָם אַ פאָר שקצים, אויסגעפּוצט ווי פורים־שפּילער (עס איז טאַקע געווען קורץ נאָך פורים), וואָס האָט געדאַרפט נאָך די נעזער דערקענען, צי דער אָדער יענער קונה איז אַ איד, וואָס מעג קויפן. ווי אין גאַנץ דייטשלאַנד, אַזוי אויך אין דער שטאָט בערלין, אַזוי אויך אַף דער לומער־גאַס, וואו פרוי לואיזע לעווי האָט, זינט איר מאַן איז אַוועק אין קריג, געפירט מיט אַ בריהשאַפט דעם צווייפענצטערדיקן דראָגן־געשעפט. דער נאַציאָנאַלער דייטשער וויץ האָט, ווי מען האָט זיך באַלד דערוואוסט, אין דער וועלט נאָר אויסגענומען. ווי עס איז געווען אין דייטשלאַנד גופא ווייס מען ניט; דער זעכצעניעריקער מאַכאַבייער זיגבערט לעווי האָט אָבער שוין שבת אַף דער נאַכט פון דעם דאָזיקן וויץ געמאַכט גאָר אַן ערנסטן ארויספיר:

— מוטער, — האָט ער דערקלערט מיט אַ פינצטערן פּנים, — גענוג! מער בלייבן מיר דאָ ניט! מיר „וואַנדערן אויס... מיר פאָרן קיין פּאַלעסטינע..."

פרוי לואיזע האָט אַראָפּגעלאָזט אירע בלאָע אויגן, איז געזעסן אַ צעטראָגענע, האָט אַ ווײַלע געשוויגן און ערשט דערנאָך מיט מי אַרויסגערעדט:

— יאָ, מיין קינד, געוויס, פאָר...

— וואָס הייסט — איך? — איז אויפגעשפּרונגען ווי פון אַ שטאָך זיגבערט

— און דו?

— איך קינד, וועל מסתמא דערווייל בלייבן דאָ... איך...

זיגבערט האָט אַ כאַפּ געטאָן דער מאַמען פאַרן האַנט.

— מאַמעטשקע, איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין! וואָס הייסט איך זאָל פאָרן און דו ניט... דאָס איז דאָך אומזין! אויב דו מיינסט דאָס געשעפט...

עס קומט צו דעם ריז אַזאַ שוואַכקייט, וואָס האָט אים געמאַכט צו שפּאָט ביי זיינע חברים און פאַרוואָס מען האָט אים טאַקע ניט געמאַכט פאַר אַן אָפיצער, האָט קיינער ניט געוואוסט און אויך איך, וועלכן ער האָט געהאַלטן פאַר זיין פריינט, האָב עס קיינמאָל ניט געקענט דערפאַרן, און ווען איך בין שוין יאָ געוואָרן געוואָר פון דעם סוד — איז עס שוין טאַקע געווען צו שפּעט אים צו העלפן.

איבער דער העלדישקייט פון יאַנאַש באַטאַני פלעגט מען דערציילן לעגענדעס.

הויבן אָן די רוסן צו שיסן, שיסן זיי אָן אַ שיעור. בום אַהין, בום אַהער, בום ביינאַכט, בום באַטאָג און די סאָלדאַטסקע שטימונג ווערט פאַרכמאַרעט פון דעם שטענדיקן קאַנאָנען־רויך. ווערט אייך באַטאַני בייז, פאַררויכערט זיך די ליולקע, קריכט ארויס פון די טראַנשייען און ווייזט די רוסן דעם אחור... — און די פאַרגאַפטע רוסן הערן אויף צו שיסן.

ער איז געווען אַ כוואַטסקער אינגל, באַטאַני, און ער האָט ליב געהאַט זיך צו באַרימען, אַז די קוילן האָבן מורא פאַר אים און גייען אַוועק אין דער זייט פאַר גרויס דרך ארץ. אויך די סאָלדאַטן פלעגן גלויבן אין זיין כשוף. אַ מענטש, וואָס טשעפּעט זיך ניט צו אים קיין קויל. כאָטש נעם דערהרגע אים.

איינמאָל האָט ער מיט זיין שגעון טאַקע געראַטעוועט דאָס רעגימענט און אפשר טאַקע די גאַנצע אַרמיי.

עס איז געווען אין 1916, ווען ברוסילאָווס אַרמיי האָט דערהרגעט די עסטרייכישע און צוטריבן זיי אין אַלע זייטן ווי דערשראָקענע לעמער. אונזער רעגימענט האָט באַקומען דעם באַפעל צו „דעקן דעם ריקצוג", ד. ה. אויפצוהאַלטן דעם פיינט, ביז די אַרמיי וועט אריבער אַפן אַנדערן ברעג פון דעם אַנגעשוואָלענעם טייך פּרוט. האָט אָבער ברוסילאָוו נאָכגעשיקט קאָזאַקן מיט קליינע האַרמאַטלעך און דאָס וואַסער האָט אַוועקגעטראָגן די פּראָוויזאָרישע בריקן. אונזער לאַגע איז געוואָרן זייער אַ קריטישע און יעדער האָט פאַרלאָרן דעם קאָפּ. יעדער, אָבער ניט באַטאַני.

מיט אַ מאַשינען־געווער אַף די פּלייצעס האָט ער זיך אַרויפגעדראַפּעט אַף אַ בערגל און גענומען די קאָזאַקן צו פּרעגלען, ביז זיי האָבן געמוזט צוריקלויפן. און דיינקענדיק, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט אַן אַטאַקע פון אַ פרישער אַרמיי, זיינען זיי אַראָפּ פון די כוואַטסקע פערדלעך און גענומען זיך איינגראָבן. נאָכדעם ווי אונזער רעגימענט האָט זיך אַריבערגעפּעקלט אַפן ברעג, האָט זיך באַטאַני געטאָן אַ הויב אויף, אַרויסגעשטעלט די רוסן אַ פייג

און אריבערגעשוואומען דעם אָנגעשוואָלענעם בייך פון דעם פּרוט.

און פונדעסטוועגן האָט מען אים ניט געמאַכט פאַר אַן אָפיציר. ער איז געווען באַהאַנגען מיט מעדאַלן ווי אין אַ גאָלד־געשעפט. אָבער אָפיצערסקע שליפן האָט ער ניט באַקומען.

אָט ווי אַזוי איך בין עס געוואָר געוואָרן.

*

עס איז געווען אין אויגוסט, 1917. זיין הויכקייט דער ערצהערצאָג, אַזוי און אַזוי, האָט גראַד דעם טאָג געפּראַוועט זיין „נאָמענסטאָג“. האָט דער עסטרייכישער גענעראַל־שטאַב באַשלאָסן אים צו מאַכן אַ געשיינק פון דער שטאָט טשערנאָוויץ. האָט אָבער קערענסקי, דער עקשן אויך באַשלאָסן ווי אַ חצו להכעיס צו פאַרהאַרבן דעם ערצהערצאָג די שמחה, און באַפוילן צו האַלטן טשערנאָוויץ מיט אַלע כחות.

זיינען טאַקע אונזערע גענעראַל־שטעבלעך געוואָרן נישקשהדיק אין כעס און געשיקט איין אַרמיי נאָך דער אַנדערער צו נעמען טשערנאָוויץ. די דיוויזיעס זיינען אָבער צוטאָפּיעט געוואָרן ווי שניי אין דעם ענגלישן אַרטילעריע־פייער, וואָס איז געשטאַנען אַף די בערגלעך אַרום טשערנאָוויץ. דער זייגער האָט זיך גערוקט פון שעה צו שעה און טשערנאָוויץ איז נאָך אַלץ געווען רוסיש־רומעניש. האָט מען אַ באַפעל געגעבן צו שיקן דעם „הונדערט־איינעם“, כדי צו מאַכן שטורם אַף די בערגלעך. זיינען מיר געלאָפן פון אַן אַנדער פּאָזיציע, אַ פּאָר מייל ווייט. די צונגען אַרויסגעשטעקט, פאַרדושעט און פאַרסאָפּעט, ווי פאַרסמטע מייז, באַדעקט מיט אַ ווייסן טומאַן פון שטויב, ווי מיט תכריכים...

— בעקעש טשאַבאַ קינדער — האָט דורכגעיאָגט איינער פון גענעראַל־שטאַב אַף אַ טאַנצענדיק פערדל; לויפט, ראַטעוועט! אונזער לעצטער רעזערוו, האַלט זיך באַם צופאַלן!

האָבן מיר נאָך מער געיאָגט זיך, געפאַלן, אופגעשטאַנען און ווייטער געלאָפן.

האָבן אונז פּלוצים די ענגלענדער דערזען מיט זייערע שפּאַקטיוון און אונז מקבל פנים געווען מיט גיפט־באָמבעס.

קול, קול — עס רייסט־אויס שטיקער פון אונזער רעגימענט, עס הויבן־אָן רינען רויטע ריטשקעלעך, ווי אָנגעשוואָלענע אָדערן, מען פאַלט, מען קאַטשעט זיך, מען פּרעגלט זיך אין דזשאָן בולס קיך. מען מוז זיך באַהאַלטן אין די גריבער ביים וועג. ליגן מיר מיטן פנים איינגעגראָבן אין קראָפּעווע און כאַפּן מוראַשקעס; און די ענגלענדער האַלטן אין איין שיסן.

געפעלט עס אונזער יאַנאַש באַטאָני זיך אופצו־





— ניין, קינד — האָט פרוי לואיזע פּאַוואָלינקע אַרויסגעצויגן איר קליין הענטל פון דעם זונס קרעפּטיקער פויסט. — ניט נאָר דאָס געשעפט... מיר וועלן נאָך וועגן דעם ריידן אַן אַנדערש מאָל... איך בין זייער פאַרמאַטערט... נאָך אַזאַ טאָג! — און פרוי לואיזע האָט זיך אַ הויב געטאָן אַף די שפּיץ פינגער, געגעבן זיגבערטן אַ קוש אין שטערן און איז אַוועק צו זיך.

אַ פאַרלאָרענער, אַן אָפּהענטיקער, האָט איר זיגבערט נאָכגעקוקט מיט ברייט פאַנאַנדערגעעפנטע אויגן.

3.

אין דער נאַכט פון שבת צו זונטיק האָט דער זעכצעניאָריקער זיגבערט דורכגעאַקערט אַ וועלט. עס איז געווען קלאָר: די מאַמע האָט עפּעס אַ סוד! זיגבערט איז ניט געווען מער קיין קינד. ווייניק ביכער האָט ער אויסגעלייענט? ווייניק פילמס האָט ער געזען אין זיין לעבן — סיי פאַר קינדער, סיי פאַר דערוואַקסענע? האָט ער געקלערט און געקלערט... נו? נו? נו? אין וואָס קען האַלטן די מאַמען אין בערלין, אויב ניט, אויב ניט... אַרויסטראַכטן דעם דאָזיקן געדאַנק ביזן סוף, דערצו האָט ער ניט געהאַט די העזה... פאַרוואָס האָט עס אָבער געדאַרפט בלייבן אַ סוד? איז ער ניט דער מאַמעס בעסטער פריינט? ווי אָפט האָט ער עס פון איר אַליין געהערט. גוט! אַזוי לאַנג ווי ער איז נאָך געווען קליין, איז פאַרשטענדלעך, אָבער איצטער?.. יאָ, איצטער ווערט אגב קלאָר, פאַר וואָס זי פלעגט אים אַמאָל לאָזן לאַנגע וואָכן אַליין... גאָט, דאָס איך האָך אַזוי נאַטירלעך, אַזוי מענטשלעך. ניין, טייערע מאַמעשקע, די מיינסט, אַז דו קענסט מיך? הויבט זיך גאָר נישט אָן! אָט שוין מאָרגן, דאָס הייסט, היינט נאָך, דערקלער איך ווי אַ פריינט צו אַ פריינט: ליבע מוטער, איך פאַרשטייסטו, איך שטיי דיר ניט אין וועג. וואָס עס איז גוט פאַר דיר, איז פאַר מיר אודאי גוט. זאָל זיין מיט מזל, און מיר פאָרן זאַלבעדריט! ניט אַזוי? ווי וואָלט געווען, ווען איך בין אַביסל עלטער און איך פאַרליב מיך אינמיטן, וואָלט איך זיך דעריבער מיט דיר צעשיידט?.. ווי? איז עס לאָגיש?

עס האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן, ווען זיגבערט איז דערגאַנגען צו זיין לאָגישן הסכם. באַרואיקט, איז ער פעסט איינגעשלאָפן, און ווען ער האָט זיך אין עטלעכע שעה אַרום ווידער אויפגעכאַפּט, איז זיין ערשטער געדאַנק געווען: אַף גיך! צו דער מאַמען.

דאָס געשפּרעך מיט דער מאַמען האָט אָבער געזאָלט ווערן אַסך קירצער ווי זיגבערט האָט עס זיך פאָרגעשטעלט. קוים האָט ער ביים קאַווע אַ זאָג געטאָן: „מאַמעטשקע. דו האָסט אַ סוד, וויל איך..." האָט זיך די מאַמע אָנגעצונדן און האָט אים תיכף איבערגעהאַקט די רייד: איך האָב קיין שום סודות ניט! טרינק דיין קאַווע און רייד ניט קיין נאַרישקייטן...

כלומרשט שטרייננג האָט זי געקוקט אים אין די אויגן אַריין, און דאָס מאָל האָט זי אַראָפּגעלאָזן די אויגן. ער האָט זיך געשעמט, זיגבערט האָט זיך געשעמט, וויל דעם ערשטן מאָל אין זיין לעבן כאַפּט ער די מאַמען ביי אַ בפירושן ליגן. אין צימער איז געוואָרן שטיל, אומעטיק. ער האָט זיך פּשוט דערפרייט, ווען ער האָט דערהערט, אַז די מאַמע קלייבט זיך אַפּן גאַנצן טאָג צו פריינט אין קאַרלסהאָרסט. יאָ, ער בלייבט אין דער היים. ער האָט עפּעס צו טאָן. טראַכטן! טראַכטן! דורכטראַכטן דעם גאַנצן ענין פון דאָס ניי. האָט זיגבערט אַרומגעשפּרייזט איבערן צימער אַהין און צוריק, הין און צוריק, אַזוי לאַנג ביז ער איז אין מיטן געבליבן שטיין, און עס האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן, עפּעס ווי טרואומפירנדיק — אַהאַ!" ער האָט געכאַפּט! ער האָט עס געפונען! עס איז... עס איז אַ גוי! אָ טייערע מאַמעטשקע, ביסטו טאַקע גערעכט, וואָס דו באַהאַלסט דיך, וואָס דו האַלסט עס בסודי־סודות. דאָס וועסטו טאַקע באַ מיר ניט פּועלן, דאָס וועל איך טאַקע ניט דערלאָזן, דאָס... דאָס האָט דער פאָטער באמת, ניט פאַרדינט...

ס'אַראַ שאַנד! וואָס פאַר אַן אומגעהויערע שאַנד! ניין! ניין! אַזוי וועט עס ניט בלייבן אָדער איך, אָדער ער. איך וועל עס בשום אופן ניט דערלאָזן, איך וועל מאַכן אַ סוף, איך וועל אים דערהרגענען... זיגבערט האָט זיך אַ וואָרף געטאָן שטעלן מיט זיין גאַנצער ריזן־פיגור און אַרויסשטעלן די ענגלענדער פייגן. פאַרשטייען אָבער די טרוקענע ענגלענדער קיין וויץ ניט און שיסן מיט נאָך מער ענערגיע.

ווער איך טאַקע אין כעס און גיב אים אַ קניפּ אין דער גראָבער ליטקע: — אַ, דו נאַרישער אָפיצירס־אַספּיראַנט — פאַלט ער אַנידער לעבן מיר, ווי געביסן פון אַ גיפטיקער שלאַנג און העלפט מיר צוקוועטשן מוראַשקעס.

איך זע, ער איז שטאַרק באַליידיקט, די נאָזלעכער באַוועגן זיך ווי ביי אַ גזלן. ער סאָפּעט שווער. נאָך אַ וויילע, וואָרטשעט עס פון אים אַרויס ווי פאַרע פון אַ פולן קעסל.

— פונדעסטוועגן דאַרפט איר מיך ניט קיבעצן, דאָקטאָר, איך בין געווען אָפיציר נאָך אוידער איר האָט עפּעס פאַרשטאַנען פון הלכות מיליטער.

בויער איך איין מיין בליק אין זיין רויט פּנים און ווייז אים איראָנישע ציין.

ווערט ער נאָך מער אין כעס.

— ווי איר קוקט מיך אָן, בין איך דער איינציקער פון אַ רייכן אונגאַרישן גוטס־באַזיצער, נעמט ער זיך פאַרהערן מיט מיר, מיין טאַטע איז אַן אויסגעדינטער גענעראַל, און מיין זיידע איז געווען קאָשוט לאַיאָשס רעכטע האַנט אין דער אונגאַרישער רעוואָלוציע. איידער קייזער פראַנץ יאָזעף האָט אים פאַראורטיילט צום טויט.

— אָבער דו, רייס איך אויף אים פרעכער מיינע אויגן־דעקלעך.

— אויך איך בין מיט 10 יאָר צוריק געווען לייטענאַנט ביי די בודאַפּעשטער הוזאַרן, און ווען ניט דאָס אומגליק, וואָלט א י ך היינט דאָ קאָמאַנדירט, און א י ך וואָלט זיכער ניט צוגעלאָזט, אַז די פאַרדאַמטע ענגלישע חזירים זאָלן פון אונזערע סאָלדאַטן מאַכן אַ גולאַש, — האָט ער געשריען העכער פון די קאַנאָנען.

עס איז אינצווישן געוואָרן אַביסל שטילער, דער ענגלישער וואולקאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַביסל צו באַרואיקן, און איך האָב מיך גענומען איבערבעטן דעם באַליידיקטן „מאַגנאַט".

— און דאָס אומגליק? — בין איך טאַקע געוואָרן נייגעריק.

— איך האָב געהאַט גליק ביי פרויען און פאַרמאָגט מער ליבעס ווי שכל, — האָט ער, אַן איבערגעבעטענער, שוין ווייטער דערציילט מיט הומאָר, — האָט אָבער דער רוח אָנגעטראָגן אַ גרעפישן אויבערלייטענאַנט אין אונזער גאַרניזאָן און דער גראַף האָט מיטגעבראַכט אַ גרעפין, אַ יונג, שוואַרץ חנעוודיק ווייבעלע, ערשט נאַר־וואָס נאָך דער חתונה.

פאַרשטייט זיך, אַז זי איז מיר געפעלן געוואָרן, און

איך האָב באַשלאָסן צו פאַרזיכערן דעם אויבער־לייטענאַנטס שאַצערל.

האָבן מיר זיך טאַקע באַלד ליב באַקומען; איך, דער גרויסער רויטער לייטענאַנט, און זי, די צאַרטע שוואַרץ־חנעוודיקע קעצעלע מיט לאַכנדיקע גריבעלעך אין פנימל. און געלעבט זיך ווי אדם מיט חוהן.

דער גראַף האָט, פאַרשטייט זיך, ניט דערלעבט צו וויסן פון זיין געזונט און מיך איינגעלאַדן יעדער מאָל צו האַלטן זיין יונגער פרוי קאָמפּאַניע.

ער האָט כלומרשט נאָך באַדאַרפט איינלאַדן מיך, דער נאַר!

אָט אַזוי האָט עס זיך געלעבט אַ פּאָר שיינע וואָכן, ביז אַף איינמאָל האָט געפּלאַצט די באָמבע.

דער גראַף איז איינמאָל צוריקגעקומען פון אַ קליינעם מאַנעוור אַ נאַכט פריער ווי מיר האָבן דערוואַרטעט צו קומען און מיך געטראָפן בשעת מעשה אין אַן אומצווייַדייטיקער פּאָזיציע. און מיך געלאָזט פילן זיין רייט־בייטש.

איך בין אַרויסגעשפּרונגען דורכן פענסטער און געלאָפן דורך די גאַסן אַ נאַקעטער און דער פאַרחאַמטער פאַנטאָפל־העלד נאָך מיר מיט דער רוט.

— זי האָט געמוזט זיין זייער שיין, — האָט זיך אַריינגעמישט אַ שכן און זיך באַלעקט די לאַנגע וואָנצעס.

יאָנאַש באַטאָני האָט זיך אויסגעדרייט, דערלאַנגט דעם חצוף אַ קלאַפּ אין בויך אַריין און ווייטער אָנגעהויבן דערציילן שטילער און פאַרזיכטיקער.

— דעם אַנדערן טאָג, אינדערפרי, האָט מען מיך גערופן צום אָפיציר־געריכט און מיר פאָרגעלייגט צוויי קשיות.

— ראשית, פאַרוואָס גייסטו צו אַ פרוי אָן אַ רעוואָלווער? און שנית האָסטו שוין יאָ ניט דערשאָסן דעם גראַף, טאָ פאַרוואָס נעמסטו דיר ניט דאָס לעבן?

— און אַזוי ווי איך בין געבליבן שולדיק אַ תשובה אַף די צוויי קשיות האָט מען מיך אַרויסגעטריבן פונם רעגימענט. און ווי מיין טאַטע האָט זיך נאָר דערוואוסט פון דער גרויסער בושה, וואָס איז געפאַלן אַף זיין אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, האָט ער מיך אויסגעמעקט פון זיין האַרץ און וויל מיך ניט קענען, סיידן איך וועל ווידער ווערן אָפיציר.

יאָנאַש באַטאָני האָט זיך ווידער פאַרכמאַרעט און מיך פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— טאָ ווי מיינט איר דאָקטאָר, אויב איך זאָל טאַקע יאָ דעראָבערן די ענגלישע האַרמאַטע, וועלן זיי מיך מאַכן פאַר אַן אָפיצער?

*



אַף דער קאַנאַפּע, האָט זיך מיט אַלע זייגע צען פינגערס פאַרגראָבן אין די געדיכטע שוואַרצע קודלעס, און האָט זיך צעוויינט ווי אַ קליין קינד. באַלד איז ער אָבער ווידער אופגעשטאַנען. אָט גלייך, אָט שוין, אָט דאָ אַף דער שטעל מוז ער דערגיין דעם אמת. ווער? און וואו? און זינט ווען? אַלץ! אַלץ! ער האָט געוואוסט, וואו די מאַמע האַלט אירע טייערע חפצים, דאָרטן אין שאַפּקע, אין יענעם קעסטל מיט דעם פערלעמוטענעם בילדל; איז אָט פון דאָרטן וועט ער גלייך, אָט שוין, אָט שוין אַרויסציען דעם גאַנצן ביטערן אמת! יאָ, ביז איצט איז פאַר אים דאָס קעסטל געווען הייליק, ער האָט זיך אַפילו ניט דערלויבט צו טראַכטן, וואָס עס קאָן דאָרטן זיין, אָבער איצט איז אַ סוף, אַ סוף צו די סודות! האָט זי געזאָלט אַליין דערציילן...

שטייט זיגבערט אַף די קני פאַר דער שאַפּקע, דער קעסטל מיטן פערלמוטענעם דעקל איז אופגעשלאָסן און מיט ציטערדיקע הענט ראַמט ער אַלץ אַרויס אַף דער פאָדלאָגע. אָט איז אַ בינטל בריוו — ניין, ניט דאָס! דאָס זיינען די „פעלד-פּאָסט-קאַרטן“, די קאַרטלעך, וואָס דער פאָטער האָט געשריבן פון פראָנט פון בעלגיען, עפּעס חשבונות, פאָטאָגראַפיעס, אָפיציעלע דאָקומענטן... האַלט! זיגבערט לייענט: „...און אירע טאָכטער לואיזע מאַרטין...“ זיגבערט לייענט נאָכאַמאָל דאָס בלעטל פאַלט אַרויס פון האַנט. אַרום דרייט זיך עפּעס אַלץ. עס ווערט טונקל... שאַ, שטיל.. ווען זיגבערט איז ווידער געקומען צו זיך, האָט די יונגע אַפּריל-זון העל אַריינגעלויכטן אין שטוב אַריין, פון דער גאַס האָט זיך געהערט אַ געמיש פון לעבעדיקע קלאַנגען. דער זייגער אונטער דער גלעזערנער גלאָק אַפן סאָפקע האָט לוסטיק ווייטער געציילט די סעקונדן—פאַרזיגבערטן האָט זיך אָבער אַלץ אָפּגעשטעלט, איז אַלץ אָפּגעשטאָרבן, פאַרלאָשן געוואָרן. זיך וואַקלנדיק, ווי פאַרשיכורט, איז ער אַריין צו זיך אין צימער, האָט אַרויסגעצויגן דעם רימען פון אונטער דעם רעקל און האָט אַ וואָרף געטאָן דעם לעדערנעם פאַס אַרום האַלז...

יאָ, יאָ, מען קען זיך אופהייגנען אַפילו אַף אַ קליאַמקע פון אַ טיר.

.4

אין דער רגע, אַף דער סעקונדע געגנוי, האָט עפּעס עמיצער פון דרויסן אַריינגע־שמעלט אינם שלאָס פון דער דירה־טיר דאָס פּאַסיקע שליסעלע, און איידער זיג־בערט האָט נאָך פאַרשטאַנען, וואָס דאָס איז אַזוינס, האָט ער דערהערט דער מו־טערס שטים: „זיגבערט, זיגבערט! וואו ביסטו? אַ רגע שפּעטער האָט זי האַס־טיק אַ עפן געטאָן די טיר און אין צימער אַריין, אַזוי אַז זי האָט אים, וואָס איז געשטאַנען גלייך הינטער דער טיר, אַזש אַ שטויס געטאָן.

„זיגבערט! וואָס טוסטו דאָ?...“ האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים. זיגבערט איז געשטאַנען מיט אַ טיף אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, מיטן רימען אַרום האַלז. זיינע הענט זיינען אַראָפּגעהאַנגען ווי אַ פּאָר ברעטלעך. שטיל, אָבער זייער דייטלעך, האָט ער פון זיך אַרויסגעקוועטשט:

„מוטער, איך ווייס אַלץ...“

„וואָס? וואָס ווייסטו?!...

און ווידער האָט זיגבערט שטיל, אָבער קלאָר, אַרויסגערעדט: „דיין סוד איז מער קיין סוד ניט, איך ווייס, אַז דו ביסט ניט קיין אידישע...“

האָט זיך פרוי לואיזע אַ הויב געטאָן אַף די שפּיץ פינגער, מיט אירע ביידע הענט, ניט אַרויסלאָזנדיק אַפילו דאָס מעשל, וואָס איז געהאַנגען אַף איר אָרעם, האָט זי אַרומגעכאַפּט זיגבערטן אַרום האַלז און מיט אַ כוח, וואָס מען האָט ניט גע־קענט באַ איר גלויבן, האָט זי אים אַ שלעפּ געטאָן צו זיך:

„דו קליינער נאַרישער איינגעלע! דו קענסט מיין סוד? הויבסט אַפילו נישט אָן צו קענען!... איך האָב עס געוואָלט דיר פאַרשפּאָרן ביז דו וועסט ווערן על־טער, קרעפּטיקער, ווער האָט עס גע־קענט ווּיסן, אַז אין דייטשלאַנד וועט פּלוצים ווערן אַזאַ ענדערונג... נו, מסתמא איז אַזוי באַשערט... איז קום, איך וועל דיר אַלץ דערציילן... ווי די האַרץ האָט מיר עפּעס געזאָגט! אַפן שלעזישן וואָקזאַל ווער איך אינמיטן אומרואיק, שפּרינג אַרויס פון צוג און געכאַפּט, צוריקגעפאָרן... קום ישוי, קום...“ — האָט פרוי לואיזע געצויגן הינטער זיך אין עסצימער אַריין זיג־בערטן, פּונקט ווי מיט יאָרן צוריק, ווען

אַ צייכן צום שטורם!

מיר יאָגן ווי די שדים, מיר פליען, קוים, וואָס מיר באַרירן די ערד.

ווער מיט פייער, וואָס מיר קוילן, ווער מיר טויט, וואָס מיר לעבן! הוררא... דער ערצהערצאָג האָט זיין געבורטסטאָג, הוררא...

עס טראָגן זיך קולות, עס וואָיען קלאַנגען, מאַשי־נען־געווערן קנאַקן, קוילן סווישצען, האַרמאַטן כאָרכלען, האַנט־גראַנאַטן קרעכצן, הוררא!

כוחות פון די „הונדערט איינעם“ זיינען אַריבער דעם באַרג און פאַרלייפן שוין אַף דער צווייטער פּאָזיציע.

עס הייבן אָן זיך שיטן כמאַרעס קאַשקעטלעך, וועלכע באַדעקן דאָס פעלד ווי מתנות פון וואָראָ־נעס. זיי טאַנצן עפּעס אַזוי מאָדנע פון דער ווייטנס, שפּרינגען און קייקלען זיך און ווערן צוטרייסלט פון נייע מתנות צען־טויזנטער קאַשקעטלעך. וואו מען קוקט זיך אום זעט מען אַ ים מיט רוסישע קאַשקעטן.

נאָך אַ פּאָר „הורראַס“ און דער וועג פון טשערנאָ־וויץ איז פריי.

*

דער שטורם איז פאַריבער. די קאַנאָנען זיינען פאַרשטומט געוואָרן, ניטאָ מער קיין „הורראַס“, נאָר קרעכצן, וויינען און פלוכן פון פאַרוואונדעטע און שטאַרבנדיקע לאָזן זיך הערן פון אַלע זייטן.

איצט ערשט הויבט זיך אָן פאַר מיר די שווערסטע אַרבעט. איך שטיי אַפן באַרג, די אַרבל פאַר־קאַטשעט ווי אַ קצב, באַגאָסן מיט בלוט און שווייס און פרואוו מיך אויס מיטן מלאך המות, ווער עס איז שטאַרקער! אין דער זייט שטייט דער רעגי־מענטס גלח און בענטשט די, וועלכע גייען אין הימל אַריין, און ניט איין מאָל בין איך אים מקנא, זיין מאַכט איז שטאַרקער פון מיינער, און זיין אַלטמאָדישע, פאַרשימלטע „וויסנשאַפט“ איז, טראָץ דעם מעדיצינישן פּראָגרעס, פיל מאָל מער נוצלעך ווי מיינע מעדיצין.

די מערסטע פאַרוואונדעטע האָבן שאָס־וואונדן פון דער נאָענט, און זיינען אַזוי שטאַרק צוריסן, אַז מען קען זיי שוין ניט ראַטעווען.

דער ערצהערצאָג וועט האָבן אַ גוטן נאָמענסטאָג. מען האָט זעלטן ביי אַ קייזערלעכער סעודה גע־גאָסן אַזוי פיל וויין וויפיל עס האָט זיך געגאָסן בלוט ביי דער ערצהערצאָגס שמחהלע.

מיינע סאַניטאַרן ברענגען גאַנצע קופּעס בר־מננס, וועלכע האָבן נאָך מיט אַ פּאָר מינוט פריער גע־לעבט. זיי קוקן מיט אָפענע גלעזערנע אויגן און זייערע פאַרקרימטע, אָפענע מיילער דריקן־אויס שפּאָט און אַ מין שוידערלעכן, מיאוסן סאַרקאַזם פון לאַבנדיקע מתים, וועלכן מען קען קיינמאָל ניט

פאַרגעסן. אַסך שטאַרבן אין מיינע הענט. איך רוף צו דעם גלח. איך דאַרף אים גיכער האָבן ווי מיינע אַסיסטענטן. ער בענטשט אויך אידן, מאַכט איבער זיי אַ צלם און זאָגט מיט זיי וידוי. ער איז אַ גלח פאַר אַלע רעליגיאָנען אַפן שלאַכטפעלד.

מיין סאַניטעטס־הונט קומט צו שפרינגען. ער ברענגט צוטראָגן צווישן די ציין אַ גאַנץ בינטל מיט סאָלדאַטסקע היטלעך. איך שיק אַרויס אַ פאַטרול זאָל נאָכגיין דעם הונט און ברענגען די פאַרוואונדעטע, וועלכע דער הונט האָט געפונען ערגעץ צווישן קוקורוזע־בייטן פאַרוואָרפן. דער הונט לאָזט אַראָפּ פאַמעלעך איין היטל נאָך דעם אַנדערן; אָבער איין היטל באַהאַלט ער צווישן די ציין און לאָזט עס פון קיינעם ניט אַוועקנעמען. ער בייסט יעדן, וואָס פרואווט פון אים דאָס היטל מיט געוואַלד אַרויסרייסן.

איך טרייב דעם הונט, ער זאָל מיטגיין מיט דעם פאַטרול, אָבער ער לאָזט זיך ניט רירן פונם אָרט. איך ווער אין כעס און הויב אים אָן צו קלאַפּן און צו שלאָגן, אָבער אַלצדינג אומזיסט. ער רוקט זיך צו צו מיר נאָך נאָענטער, ער באַפעלט מיך, שטאַרבעט מיך מיטן לאַפּקעלע און דרייט מיטן וויידל. ער בעט מיך מיט די אויגן ווי אַ מענטש. ער וויינט און וואָיעט.

איך הויב אָן צו פאַרשטיין, אַז דער הונט מוז האָבן עפּעס אַ ספּעציעלע מיסיע פאַר מיינעטוועגן און איך לאָז מיך פון אים פירן.

דער הונט טאַנצט פאַר גדולה, וואָס איך האָב אים נאָכגעגעבן און יאָגט פאָרויס באַרג־אַראָפּ. די קוקורוזע־פעלדער זיינען פול מיט פאַרוואונדעטע, וועלכע שרייען מען זאָל זיי העלפן, אָבער דער הונט האַלט אַלץ אין איין לויפן. ענדלעך איז ער שטיין געבליבן, און איך גיב אַ קוק... ניין, איך האָב קיין טעות ניט געהאַט.

לעבן אַ טויטן ענגלענדער ליגט אויסגעשטרעקט יאַנאַש באַטאַני — „פאַר וועלכן די קוילן האָבן מורא געהאַט", מיט אַן אויפגעריסענעם בויך, די געדערים אויסנווייניק, כמעט לעבן אים.

יאנאש באטאני האָט ליב געהאַט דעם הונט, פלעגט זיך מיט אים שפּילן און פאַר אים אויסבעטלען די ביינער פון די קאָמפּאַניקיכן. און אָט ווי דער געטרייער הונט האָט אים אָפּגעדינט.

*

איך האָב אַ נעם געטאָן דעם שטאַרבנדיקן ביי דער האַנט. ער האָט אויפגעמאַכט די אויגן. ער האָט מיך דערקענט.

— דאָקטאָר, ראַטעוועט מיך, — האָט ער געשעפּטשעט.

איך האָב אַרויסגענומען די שפּריץ און גע־



זי פלעגט אים אַ קליינטשינקן פירן שפּאַצירן אין טירגאָרטן.

„איצטער הער אויפמערקזאַם אויס, מיין אינגעלע — האָט אָנגעהויבן פרוי לואיזע נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך ביידע אַוועקגעזעצט אַפן קאַנאַפּע. קודם כל דאַרפסטו וויסן, אַז איך בין בכלל אַ פּגם אין דער פאַמיליע... וואונדער זיך ניט, וואונדער זיך ניט. פריער אויסהערן!.. דיין פאָטער איז מיט מיר באַקאַנט געוואָרן, ווען איך האָב געדינט בײַ דיין זיידן, טאַקע דאָ אונטן אין דער לוטער־שטראַסע. דיין זיידע האָט פון מיר גראד יאַ געהאַלטן. איך האָב שוין זייער יונג גוט פאַרשטאַנען דעם געשעפט און אַלע פּילן געקענט אַף אויסווייניק. דאָס האָט דיין פאָטער ווייניק וואָס אינטערעסירט. איך בין אים געפעלן געוואָרן גלאַט אַזוי. איך וויים, צוליב מיינע שיינע אויגן, און ער מיר, גוט, וועגן דעם לאָמיר בעסער ניטריידן..." פרוי לואיזע האָט אַרויסגענומען פון איר טעשל דאָס טיכעלע.

„איז יאָ, וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? האָט דיין זיידע איינמאָל געכאַפּט אונז, ווי מיר קושן זיך הינטערן טאָמבאַנק. ע—ע— האָט ער געזאָגט צו דיין פאָטער — דאָס טויג נישט. לואיזע איז אַ אָרנטלעכע מיידל, מיינסטו דאָס ערנסט, איז אַן אַנדער זאַך, אַ ניט... האָט דיין פאָטער גלייך אָפּגעענטפערט. עס איז מיין כלה און מיר קענען חתונה האָבן, ווען דו ווילסט, כאָטש מאָרגן. דאָס ווידער האָט דיין באָבע נישט געוואָלט. ערשטנס, ווייל איך בין געווען אַ קריסטין און צווייטנס... ווייל איך האָב געהאַט, דאָס הייסט ווייל איך האָב ניט געהאַט... ניט געקענט קיין פאָטער..."

צום ערשטן מאָל זינט דעם קאַווע אין דער פרי האָט זיגבערט ווידער אַ קוק געטאָן דער מוטער אין די אויגן.

— „איז הער ווייטער. האָט זיך דיין פאָטער פאַרעקשנט. האָט זיין מוטער סוף כל סוף געמוזט נאָכגעבן. זי האָט אָבער געגעבן איר ברכה מיט דעם תנאַי, אַז פון מיינע אייגענע קרובים זאָל קיינמאָל ניט אַריבער איבערן שוועל פון אונזער הויז..."

"און דו האָסט דערויף איינגעוויליקט?" האָט ברוגזלעך אויסגערופן זיגבערט.

„קינד דו, איך בין דעמאָלט געווען ניט פיל עלטער ווי דו הײַנט און אַחוץ דעם, ווען דײַן פֿאָטער וואָלט מיר געזאָגט איך זאָל אַרײַנשפּרינגען אין לאַנדוועהר־קאַנאַל, וואָלט איך עס אויך געטאָן. דאָס היט איך אָפּ ביז צום הײַנטיקן טאָג... הקיצור, מיר האָבן חתונה געהאַט און האָבן קיין חרטה ניט געהאַט. דו פֿאַרשטייסט דאָך, אַז איך בין געוואָרן מאַזאַיש ניט צוליב דײַן באָבן, נאָר דײַן פֿאָטער צוליב. האָב איך זיך אַפֿילו אויסגעלערנט באַלד דאַוונען אַף העברייאיש, און ווער האָט דיך געלערנט „מודה אַני“ — ניט איך?“

„מאַמעטשקע!“ האָט זיך אַרויסגעריסן בײַ זיגבערטן.

„וואַרט זיגבערטל, וואַרט, עס איז נאָך ניט אַלץ. מיר מוזן אַרופֿשטײַגן אַ שטאַפּל העכער, איך האָב דיר שוין דערמאָנט, אַז מײַן מוטער האָט מיך געהאַט, ניט זײַענדיק פֿאַר אַ מאַן...“

„ווייסטו, מאַמעטשקע, ניט, ווער דײַן פֿאָטער איז געווען!...“

„אַז איך זאָג, כאַפּ נישט! מײַן מוטער האָט עס מיר קיינמאָל ניט דערציילט. זי איז געווען אַף אים שטאַרק אין כעס, ווײַל ער האָט אונז פֿאַרלאָזן, ניט געוואָלט פֿון אונז ביידן וויסן... די מאַרטינס — דאָס איז די פֿאַמיליע פֿון מײַן מוטער — זײַנען געווען אָרעמע אָבער בעצם זייער אָנשטענדיקע לײַט. האָב איך ביז דער חתונה וועגן מײַן פֿאָטער לחלוטין גאָר נישט געהערט, אָבער שפּעטער...“

„נו?“ — האָט אָבער זיך ניט געקענט אײַנהאַלטן זיגבערט.

„שפּעטער האָט אָבער דײַן זיידע אונז דעם סוד פֿאַרטרויט...“

„דער זיידע גאָר? פֿונוואַנען האָט ער עס געוואוסט?“

„זעסטו, אָט אָ דאָס איז די מעשה. מײַן פֿאָטער, האָב איך זיך דערוואוסט איז געווען אויך אַ... לעווי“.

זיגבערט האָט אויסגעגלאָצט די אויגן.

„יאָ, אַ לעווי, און דווקא פֿון דער זעלביקער משפּחה. דערפֿאַר מסתּמא האָט דײַן זיידע אַזוי שטאַרק פֿאַר מיר געזאָרגט. עס איז געווען דעם זיידנס אַן אײַנגערער ברודער. קענטיק אַ מענטש מיט שטאַרקע לײַדנשאַפֿטן — אַנדערע



פרוואווט אים ארײַנשפּריצן מאָרפין, כדי אים צו פֿאַרשפּאָרן די טויט־שמערצן.

ער האָט מיר אַוועקגעשטופּט די האַנט.

— ניט דאָס, דאָקטאָר, האָט ער געכאָרכלט. איך האָב אַ בויך־שאָס, איך האָב געזען מײַנע געדערים אַרויסקריכן פֿונעם בויך, און אויב איר וועט מיר דעם בויך ניט צונייען, אַזוי וועל איך שטאַרבן. און איך וויל לעבן, — האָט זיך אַ טרער באַוויזן אין זײַנע אויגן. — דאָקטאָר, נייט צו דעם בויך! — האָט ער זיך אײַנגעגראָבן מיט די נעגל אין מײַנע פֿינגער.

מיטן מלאך המות איז לעכערלעך צו זײַן סענטימענטאַל. איך האָב געזען, אַז איך קען אים ניט העלפֿן און איך האָב געהאַט ווײַטיקערע זאַכן צו טאָן ווי צו באַווײַנען אַ האַלב־טויטן. האָט מיך אָבער באַטאָני ניט אָפּגעלאָזט און געהאַלטן אין איין בעטן:

— דאָקטאָר, פֿאַרלאָזט מיך ניט, — האָט ער זיך געצאַפּלט.

— און ווער וועט מיר ברענגען ביינער? — האָט געהאַוקעט דער הונט, האַוו־האַוו...

איך האָב געהאַט גרויס צער מיטן פֿאַרוואונדעטן, און נאָך מער מיטן הונט. איך האָב מיך קורץ אַנטשלאָסן.

מײַן סאַניטעטס־אונטער־אָפֿיציר האָט מיר דערלאַנגט אַ נאָדל־פֿאָדים. איך האָב געמאַכט אַ פּאָר שטעך אין דעם צוריסענעם בויך פֿון אונזער העלד.

דאָס יסורימדיקע פּנים פֿון יאַנאַש באַטאַני האָט אויפֿגעשײַנט מיט אַ נײַער האָפֿנונג.

— איר האָט מיר דאָס לעבן געראַטעוועט, — האָט ער מיר געקושט די הענט.

— און נאָך איין בקשה, — האָט ער זיך געבעטן. — אין מײַן בוזים־קעשענע ליגט אַ קאַרטל מיט אַן אַדרעס צו מײַן פֿאָטער. שרײַבט אים, אַז איך האָב דערוואָרבן אַ פּאָר ענגלישע האַרמאַטן און איך וועל באַלד ווערן אָפֿיציר — און באַלד אַהיים קומען און אין דאָרף אַרײַן... זען די מאַמושקאַ, און דעם אַלטן גרויען טאַטושקאַ... האָט ער ווײַטער פֿאַנטאַזירט.

איך האָב פֿון אים גענומען דאָס קאַרטל און דערויף אָנגעשריבן: „זייער געערטער הער, אייער זון איז געפֿאַלן בײַם שטורם ווי אַ העלד. ער וועט באַגראָבן ווערן אין אַ מאַסנגרוב אַף אַ קוקורוזע־פֿעלד לעבן טשערנאָוויץ“.

האָבן געזאָגט אַ הולטאַי — איז ער פרי אַוועק פון דער וועלט. זיין בילד האָסטו דאָ, אָט אין דעם קעסטל, וואו דו האָסט געזוכט דעם מאַמעס סוד...“

„מאַמעטשקע איך בעט דיך...“

„שוין גוט, שוין גוט, איך האָב קיין פאַראיבל ניט.. האָסט קיינמאָל ניט באַמערקט, אַז דיין פאָטער און איך — נאָך די בילדער, באַטראַכט זיי גענוי! — אַז מיר זעען אויס זייער ענלעך? גאָר פשוט! מיין פאָטער איז דאָך געווען זיין אָנקל און איך...“

„און דו מאַמעטשקע, ביסט דעם פאָטערס אַ קוזינע!“ — האָט זיך זיגבערט אַ וואָרף געטאָן דער מאַמען צו די פיס — „טאָ, מאַמעטשקע, פאַרוואָס ווילסטו ניט פאָרן מיט מיר צוזאַמען קיין ארץ ישראל?!“

„ליב קינד — האָט פרוי לואיזע געגלעט די שוואַרצע קודלעס פון דעם זעבצעניאָריקן מאַכאַבייער — איצט, איצט וויל איך, איך האָב ניט געוואָלט, כל זמן דו האָסט ניט געקענט מיין סוד... און טאָמער וואָלסטו שפּעטער אַרויסגעפונען, אַז אַזאַ מאַמען איז פאַרן הייליקן לאַנד טרייף? איצט ווייסטו שוין...“

„איז מאַמעטשקע, טייערע — האָט געקושט זיגבערט די מאַמעטשקעס הענט — וועלן מיר פאָרן? יאָ?... יאָ, מאַמעטשקע? און אויב דו ווילסט, וועל איך דיין סוד קיינעם ניט דערציילן!... ווייסט פאַרוואָס? ווייל שולדיק, שולדיק איז אין אַלץ דער זיידע... דער צווייטער לעווי“.

פרוי לואיזע האָט צוגעדריקט איר טיכעלע צום אויג:

„ניין, מיין קינד. ער איז אפשר אויך ניט שולדיק. אפשר האָט דער אויבערשטער אים אויך מוחל געווען.. אָט האָט ער דאָך אים געגעבן אַזאַ גוטן אייניקל — מיין ליבן, ליבן זיגבערטל...“



# טוביה דער מילכיקער

(עפּיזאָד פון וועלט־קריג)

**פון א. היישעריק**

צוזאַמען מיט מיר אין פּאָלק האָט געדינט אַ אידישער סאָלדאַט, וועלכער איז געקומען פון איין גובערניע צוזאַמען מיט מיר אין מיליטער־דינסט. געבאָרן און דערצויגן אין אַ דאָרף צווישן פּויערים, ביי אַן אָרימער אידישער אַלמנה, וואָס האָט אירע קינדער נישט געקאָנט דערנערן. זיי האָבן הערפאַר אויך קיין שום לערע אין זייערע קינדער־יאָרן ניט באַקומען און דערנאָך, אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען ער, טוביה איז שוין געווען אַ דערוואַקסענער בחור, איז שוין געווען צו שפּעט עפּעס צו פאַרנעמען.

עס איז אים נישט געקראָכן אין קאָפּ דאָס לערנען. ער איז שוין פאַרבליבן אַ פולקומער אַנאַלפאַבעט. אַ סך לייכטער איז אים אָנגעקומען דאָס טראָגן יעדן טאָג צוויי פולע גרויסע בלעכערנע קאַנען מיט פרישע מילך גלייך פון דער קו.

יעדן פרימאָרגן, ווי נאָר די פינצטערקייט פון דער נאַכט האָט אָנגעהויבן צו פאַרשווינדן, האָט ער אַן אויפגעהייטערטער, מיט פעסטע טריט אַריינמאַרשירט אין שטעטל. קומענדיק אַהין, האָט ער זיך אַנידערגעשטעלט אין מיטן מאַרק, אַ נעם געטאָן צוויי פינגער אין מויל אַריין, צודריקנדיק זיי פעסט צווישן זיינע געזונטע ציין, און עס האָט זיך דערהערט אַ הויכער קוויטשעדיקער פייף.

פאַר די אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַף זיך אַן עול אויפצושטיין אין דער פרי און זיך באַזאָרגן מיט מילך, איז דער דאָזיקער פייף געווען אַ סיגנאַל.

די דינסט־מיידל פון די רייכע הייזער, און אויב אַזעלכע זיינען נישט געווען, די בעלי־הביתטעס אַליין, האָבן זיך דערשראָקענע, האַסטיק אויפגעכאַפּט פון זייער פרימאָרגן־שלאָף עפענען די טיר פאַר „טוביה דעם מילכיקן“, ווי מען האָט אים גערופן דאָ אין שטעטל.

צווישן די פאַרשיידענע רעקרוטן צום מיליטער־דינסט אין אונזער פּאָלק האָט ער זיך מער ווי אַנדערע געוואָרפן אין די אויגן. ער איז געווען אַ מיטל־וואוקסיקער ברייטבייכיקער יונג, מיט קורצע דיקע פיס און אַ גרויסן דיקן קאָפּ.

באַלד פון אָנהויב דינסט האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר איינעם פון די בעסטע סאָלדאַטן פון פּאָלק. אַף אים האָבן אַלע געטייטלט מיט די פינגער: אָט איז אַ "פּרימיער", אַ ביישפּיל פון אַ "בראַברי רוסקי סאָלדאַט", פון אַן אויסגעצייכנטן גוטן רוסישן סאָלדאַט.

געווען איז עס דערפאַר, ווייל אַהערקומענדיק אין מיליטער־דינסט אַ הונגעריקער, האָט ער דערפילט, אַז דאָ קאָן מען אַ לעב טאָן. געוויינלעך, האָט יעדער סאָלדאַט באַקומען צוויי און אַ האַלב פונט ברויט טעגלעך און ווייניק האָבן זיך געפונען, וועלכע האָבן עס אַליין אינגאַנצן אויפגעגעסן. ביי רוב סאָלדאַטן איז עס געוואָרן פאַרשאַכערט אין גאַס, אַפן "טאָלטשאָק" פאַר קליין־געלט, פאַר עטלעכע גראָשן.

טוביה האָט אין פּאָלק דערלאַנגט אַ ביטע, אַז די טעגלעכע פּאָרציע ברויט איז פאַר אים ווייניק, האָט מען אים מיט פאַרגעניגן געגעבן אַ טאָפּלטע פּאָרציע. יעדן טאָג האָט ער שוין באַקומען אַ גאַנץ פינף פונטיק ברויטל.

צום מיטיק־עסן, ווען מען איז אָנגעמאַטערטע אַהיימגעקומען פון די מיליטערישע "אוטשעניעס", האָט ער זיך צוגעכאַפּט צו די קרויט־זופּ און דערנאָך צו דער פעטער קאַשע, ווי צו אַ גוט־געבראָטן גענזל. די שטיקלעך הזיר־פעט באַ יעדן אויסגעכאַפּט פון אונטערן האַנט, און דערנאָך זיך באַלעקט, ווי אַ קאַץ, נאָך אַ זיס טעפּל מילך, פון הנאה און צופרידנקייט.

יעדן זונטיק און אין אַ רוסישן חגא־טאָג, האָט מען אין פּאָלק געקאָכט פעטע מאַקאַראָן־זופּן. אין אַזעלכע טעג האָט זיין פּנים געשיינט פון נחת. עפּעס אַ קלייניקייט, אַזאַ וואוילטאָג פון עשירות!

— שוטים! נאַראַנים! — האָט ער געשריען אַף די אומצופרידענע אין פּאָלק — ביי אייך איז דאָס דינען אַן אָפּקומעניש, אָבער ביי אַ "אונזעריקן", פאַרן אָרימען פּראָסטן מענטשן איז דאָס אַ הילף, אַ רפואה אַפן גאַנצן לעבן. אַ קלייניקייט אַזעלכע געזונטע און געשמאַקע מאכלים!? — ווער קאָן זיך דען דערויף?!

ער איז געווען פון די איינצעלנע סאָלדאַטע אין ראָטע, וועלכע האָבן געוויזן וואונדער מיט זייער לויפן און שפּרינגען, די הייכע אָפיצערן האָבן אים פון התפעלות דעם גרעסטן לויב געגעבן, כאָטש ער האָט עס נישט געקאָנט פאַרליידן.

— וואָס הייסט? — האָט ער געטענהט — באַקומענדיק עסן צו דער זאַט, אומזיסטע קליידונג, זאָל

# פון מיין פּנקס
# אין דער מלחמה־צייט

פון ד. זילבערבוש

טוויזנטער יאָרן זיצן מח־מענטשן און מיט זייער שאַרפן גייסטיקן בליק קוקן זיי אַריין אין די נשמות פון אַלע דורות. ביי אַלע מעשים, וואָס באַרירן די נשמה, סיי ביי אַ שמחה און סיי ביי אַ צרה, מעסטן זיי איר דערהויבנקייט און איר אַראָפּלאָזעניש. דערפון שאַפן זיי זיך ווערטער, און מיט די דאָזיקע ווערטער שאַפן זיי וועלטן.

באַלד אָבער „בייטן זיך די צייטן און מיט זיי די מענטשן". די שמחה פון פריערדיקע דורות קיצלט ניט מער די נשמה פונם נייעם דור און זייער צרה רופט באַ איר ניט מער אַרויס קיין צער. נייע דורות — נייע פאָרמען פון גליקזעליקייט און פון נשמה־יאַריד.

כמעט וויפיל דורות, אַזוי פיל נייע ווערטער און אַזוי פיל נייע עולמות. אַמאָל ווערן אין איין דור אַליין פילע חרוב געמאַכט און נייע געבויט.

ביי יעדן שאַפן פון נייע ווערטער און בויען פון נייע עולמות פאַראַנדערשט זיך אויך ממילא דער ווערט פון אַסך זאַכן אַזוי, אַז אַ גייסטיקע מטבע, וואָס איז פריער געווען עובר לסוחר, ווערט פּלוצים פּסולדיק און אַ גאַנץ נייע באַקומט דעם פולן „קורס".

ביי אַזוי פיל חרוב־מאַכן און ווידערבויען טרעפט זיך, אַז גראָד אַלטע ווערטער, האַלב פאַרגעסענע, ווערן איבערגעחזרט, אַלטע עולמות ווידער אופגעבויט און שוין לאַנג פּסולגעוואָרענע מטבעות ווערן אפּסניי חשוב.

מען נישט זיין קיין טרייער גוטער סאָלדאַט! ווי איז דאָס מעגלעך!?

*

עס איז געווען אַ קליין שטעטל נעבן גראָדנאָ. מיר האָבן זיך צוגעגרייט צו אַן אָנגריף קעגן דייטשן שונא.

דער גרויסער פּירקאַנטיקער מאַרק איז ליידיק. איך בין צוגעטיילט צו אַ גרופּע פון עטלעכע סאָלדאַטן צו היטן דעם „פּאָלקאָוואָי געלט־קאַסטן“. מיין ריי איז צו שטיין אין דרויסן אין גאַס.

איך דריי זיך אַרום אין מאַרק, אין דעם פּאַר מיר אָנגעצייכנטן שטיקל אָרט. איך זע ווי אין די פיר לאַנגע געסלעך, וואָס ציען זיך פון מאַרק אויס, איז אַלץ אויסגעשטאָרבן. צובראָכענע טירן און פענצטער זאָגן עדות, אַז קיין איין ציווילער מענטש געפינט זיך נישט דאָ אין שטעטל. מען איז אַוועקגעלאָפן, איבערלאָזנדיק אַף הפקר אַלץ. נעבן געסל, וואָס אַנטקעגן מיר, געפינט זיך נאָך אַ געסל, וואָס ציט זיך קווער אויס, קרומלעך אין דער ריכטונג פון אַ פעלד.

עס גייען פאַרביי מיר פריער צו עטלעכע פוס־פּאַטרולן מיט די ביקסן אין די הענט. נאָך זיי רייטער־פּאַטרולן, קאַוואַלעריסטן, האַלטנדיק די לייצעס פון די פערד אין איין האַנט די ביקסן אַף די פּלייצעס און אַ רעוואָלווער אין דער צווייטער האַנט.

עס ווערט אַ שטאַרקער אַליאַרם.

באַהאַלטענע דייטשע פּאַטרולן לויפן האַסטיק. נאָך זיי אַ העפטיק שיסעריי. פּראַפּאָרשטשיק קרילאָוו, וועלכער דעזשורירט פונקט דאַמאָלסט ביי אונז, לויפט אויך נאָך זיי. טוביה דער מילכיקער — נאָך אים. אַ מהומה! קוילן פליען. איך שטיי, כאָטש ניט רואיק, אָבער פאַרט מוז איך שטיין, אויספירנדיק געהאָרכזאַם דעם שטרייגנגען באַפעל צו בלייבן שטיין און צו היטן דעם „געלט־קאַסטן“.

עס שווינדלט מיר פאַר די אויגן. און דאָ זע איך דייטלעך, ווי די פליענדיקע קוילן הרגענען דעם פּראַפּאָרשטשיק קרילאָוו, און טוביה, זיין טרייער דינער, וויל אים ראַטעווען.

די אומגעלומפּערטע אַפן רוקן נאָכהיינגענדיקע לאָפּעטע און קופּערנער עס־קעסל, צווישן זיינע קורצע פיס, וואַרפן אים אום, און טוביה פאַלט אַ טויטער דורך עטלעכע ביקסן־קוילן.

פאַרשטאַרקטע מיליטער־פּאַטרולן לויפן אַלץ גיכער אַריין אין די אַנקעגנדיקע צוויי געסלעך, צום פרייען פעלד אַרויס, יאָגנדיק די פיינטלעכע סאָלדאַטן אונטערן רויך פון ביקסן־קוילן.

אויך מיר לויפן נאָך זיי מיט אונזער גאַנצן באַשטאַנד, איבערלאָזנדיק אונזערע עטלעכע, ערשט פריש געפאַלענע סאָלדאַטן הינטער זיך.



הייסט דאָס „אומוועריטונג דער ווערטע“ אָדער „איבערבייטן די יוצרות“?

*

אזוי זיצן אויך היינט, אין דער מלחמה־צייט, מה־מענטשן און זוכן דעם היצא־לנו־מזה פון דער איצטיקער וועלט־מלחמה. זיי ווילן אַרויסגעפינען אין וועלכער נייער צורה די מענטשלעכקייט וועט זיך „אָנקליידן“ נאָך דעם געוואַלטיקן שטורם, וואָס זי באַקומט אַצינד.

און די דאָזיקע חכמים קלוגעלן. קליינע ווינציקע פרומות פרואוון זיי מצרף זיין צו אַ גרויסן סכום. פון דערווייליקע אופגעבלאָזענע מעשים ווילן זיי באַווייזן אַ קומענדיק איבעראַנדערשן אין דעם התנהגות און אין דער „וועלט־אָנשויאונג“ פון די מענטשן:

„אָט זעט איר אַ מיידל, אַ בת יחידה ביי גבירשע טאַטע־מאַמע, וואָס אין שלום־צייט האָט די מאַמע אַף איר בסדר געבלאָזן, זי „איינגעהילט אין וואַטע“, זי טאָג און נאַכט געשטאָפּט און געקראָכט, ביז זי איז מאָגער און בלאַס געוואָרן ווי פאַר גסיסה; אָט זעט איר דאָס זעלביקע מיידל ווי זי שטייט אַצינד מיט אַ ווייס טיכל אַף דעם קאָפּ און מיט אַ רויטן צלם אַף דעם אַרבל, ערגעץ נאָענט ביי אַ מלחמה־פעלד, ווי זי אַרבעט מיט אַלע כחות אַרום די צוקאַליעטשעטע זעלנער. זי ליידט נע־ונדקייט, זי ליידט קעלט און הונגער, און ווערט יעדן טאָג גבורהדיקער“.

„אָט זעט איר אַ דאָקטאָרין פון פילאָסאָפיע, וואָס אין שלום־צייט איז זי געווען כמעט דער „קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו“ אַליין, ווי מען זאָגט בכבודו ובעצמו, וואָס אין שלום־צייט איז פאַר איר ניט גענוג געווען צו זיין אַ מענטש, נאָר דוקא געוואָלט זיין אַן „אויבער־מענטש“; אָט די דאָזיקע דאָקטאָרין זיצט יומם ולילה און אַרבעט „מיט התלהבות“ זאָקן פאַר די זעלנער“.

„אָט זעט איר לאַק־שוך־מענטשן, וואָס אין שלום־צייט האָבן זיי ביי אַ מינדעסטן „לופט־צוג“ אופגעשריען ווי אַפּגעבריטע; אָט די דאָזיקע מענטשן ליגן אַצינד אין די שיצן־גריבער, האַלטן־אויס נאַסקייט, קאַלטקייט און תעניתים, און

— קוקן מיט מסירת נפש דעם מלאך המות אין די אויגן אַריין“.

און די דאָזיקע קאַלטע מח־מענטשן דערוואַרעמען זיך ביי דעם מלחמה־פייער. און זיי ווערן גאָר נתפעל זעענדיק, אַז די בעסטע כחות פון פאַרשיידענע אומות, פון פאַרשיידענע אמונות און פון פאַרשיידענע פאַרטייען און געוויסע מדינות אין איין מחנה, קעמפן ווי ברידער פון איין טאַטע־מאַמע אַרום דער זעלבער פאָן און — ווען זיי פאַלן אין דער מלחמה ווערן זיי אַלע באַגראָבן אין איין קבר און איין איינציק ברעטל שטייט ביי זיי אַלע צוקאָפּנס פאַר אַ מצבה.

זיינען דאָס אָבער סמנים פון אַ באַלדי־קער תמיד׳דיקער גלייכקייט און פאַר־ברידערונג ביי די מענטשן? איז דען דערפון אַ ראיה אַף אַז „אומווערטונג דער ווערטע“ נאָך דער וועלט־מלחמה?

*

אין אַלע ביזהעריקע דורות, וואָס מח־מענטשן האָבן אין זיי גע־שאַפן נייע ווערטער און געבויט נייע עולמות, האָט מען עס באַטראַכט פאַר דעם גרעסטן אומגליק, ממש פאַר אַ חורבן, ווען ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז עס קומט אַ „דור־יתום“, אָן פאַרשיידענע פאַרזאָרגערס מיט בירושהדיקע זכרו־נות. „ס׳טייטש, אַ הויז אָן אַ פונדאַ־מענט! ס׳טייטש, אַ שיף אָן אַ קאַפּי־טאַן!..“ אָבער מיר זינדיקע בשר ודם, דאַכט זיך אָפּטמאָל, אַז עס וואָלט אפשר כדאי געווען אַמאָל צו זען, וואָס למשל אַ דור־יתום קען אויפטאָן. עס איז זייער לייכט מעגלעך, אַז גראָד אַ דור־יתום, אַ דור, וועלכעס קען נישט דאָס חשיבות פון פריערדיקע מטבעות און בויט נישט זיינע עולמות אַף ביזהער־פּאַרטיקע פונדאַמענטן; אַז גראָד אַזאַ דור זאָל קומען אַף פשוטן געדאַנק, אַז נאָר איין מטבע איז די חשובסטע, און די דאָזיקע מטבע הייסט „דער מענטש“. דער מענטש איז די זון פון דער גאַנצער בריאה און פון אים שטראָמט אַרויס ליכטיקייט אין דער צורה פון שטראַלן, וואָס מיר רופן זיי „ווערטע“ אָדער קלע־נערע מטבעות. די אמתע אָפּשאַצונג דעם מענטשנס חומרדיקע און גייסטיקע כחות. די וואָגשאַל איז די נוצלעכקייט



# די נקמה

דערציילונג פון **יונה ראָזענפעלד**

אַט די דערציילונג, וואָס וועט דאָ דער־ציילט ווערן, האָט מיר איבערגעגעבן מיינער אַ באַקאַנטער. איך וועל זי בלויז איבערדערציילן. און כאָטש עס איז שוין באַלד צוויי צענדליק יאָר זינט אַט די דערציילונג האָט פּאַסירט, דאָך איז ניט צו שפּעט זי צו דערציילן, ווייל דאָס איז איינע פון יע־נע זאַכן, וואָס קענען מיט פאַרשיידענע פאַרענדע־רונגען פאָרקומען אין אַלע צייטן.

מיט צוויי צענדליק יאָר צוריק, ווען אַמעריקע האָט באַשלאָסן זיך אַריינצואוואַרפן אין דער וועלט־מל־חמה און האָט דערקלערט אַ מאָביליזאַציע פון אַ געוויסן עלטער ניט פאַרהייראַטע מענער, איז איין בחור, דער נאָמען איז ניט וויכטיק, געקומען צו זיין פריינדין און זיך געבעטן בא איר, זי זאָל גיין מיט אים אַרויסנעמען החתונה־פּאַפּירן. דער בחור, וועגן וועלכן עס רעדט זיך דאָ, האָט זיך שוין לאַנג געקליבן צו מאַכן איר אַ „הייראַטס־פאַרשלאַג“, אָבער ער האָט אַלץ אָפּגעלייגט, ווייל ער האָט גע־זען, אַז איר פאַרהאַלט זיך צו אים זייער קאַלט. דאָ אָבער האָט ער עס שוין ניט געקאָנט אָפּלייגן. און אַחוץ דעם איז ער געווען זייער צופרידן, ווייל ער איז זיכער געווען, אַז וויבאַלד דאָ האַנדלט זיך וועגן לעבן און טויט (אין בעסטן פאַל צו בלייבן אַן אייביקער אינוואַליד) וועט זי קיין האַרץ ניט האָבן אים אָפּצוזאָגן, און אַף אַזאַ אופן וועט ער האָבן גע־כאַפּט צוויי האָזן מיטאַמאָל, — אי ער וועט זיך אַרויסדרייען פון גיין אַפן פראָנט, אי ער וועט איינ־צייטיק אַריינבאַקומען די געליבטע פון זיין האַרצן... אָבער דער בחור האָט זיך נעבעך ביטער אַנטוישט. זי האָט אים אָפּגעזאָגט.

און ווען ער האָט גענומען אַפּעלירן צו איר, אַז בא אים איז דאָס אַ פראַגע פון לעבן און טויט, האָט זי געענטפערט, אַז זי קאָן פאַר אים טאָן אַזויפיל און ניט מער, ווי זי טוט פאַר אַלע אַנדערע טויזנטער בחורים, וואָס מען האָט שוין אַוועקגעשיקט און וואָס מען וועט נאָך אַוועקשיקן איבערן וואַסער קיין איי־

ראָפּע אין פייער אַריין. זי וועט פאַר אים אַ זיפּץ טאָן...

אָבער נישט דאָס איז דער עיקר המעשה, אַף דעם אַליין וואָלט זיך ניט געלוינט אָפּצושטעלן. פאַרקערט, עס וואָלט געווען אַ וואונדער, ווען זי וואָלט אַנדעריש געהאַנדלט. זי האָט דאָך, ווי עס איז פריער אָנגעוויזן געוואָרן, צו אים גאָרנישט געפילט. אָט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

דער בחור, וועגן וועלכן עס רעדט זיך דאָ איז אין האַלב יאָר אַרום געקומען פון פראָנט מיט אַ פאַרקריפּלטער האַנט. די האַנט איז אים געבליבן אַ פּאַראַליזירטע, אַ פאַרדאַרטע הויט און ביין, אַ טויטע האַנט, מיט וועלכע ער האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן, פונקט ווי עס וואָלט געווען אַ קינסטלעך צוגעמאַכטע האַנט. בקיצור — אַן אינוואַליד!

יאָ, וואָס אַנדעריש האָט מען געקאָנט דערוואַרטן? עס איז דאָך איינס פון די ביידע. אָדער מען איז שוין אינגאַנצן פון דאָרטן נישט געקומען, אָדער מען איז געקומען פון דאָרטן אַ קריפּל. דאָס מיידל (מיר וועלן זי דאָ אַ נאָמען געבן בערטאַ), ווייל דער אמתער נאָמען קאָן דאָ נישט דערמאָנט ווערן), דאָס מיידל בערטאַ האָט, נאַטירלעך, אויך עפּעס אַנדעריש נישט דערוואַרט. און דאָך, ווען זי האָט דערהערט וועגן דעם, האָט עס אַף איר אַ פיינלעכן איינדרוק געמאַכט. איינציייטיק האָט בא איר אויפגעפלאַמט אַ נייגעריקייט אַ קוק צו טאָן אַף אים און זען ווי ער זעט אויס בא דעם איצטיקן צושטאַנד זיינעם.

דאָס איז אָבער גאָרנישט אַזוי לייכט געווען. מען האָט דאָך באַדאַרפט האָבן פאַרוואַשענע אויגן צו קענען קוקן אים אין די אויגן אַריין, וואָרום, ווען זי וואָלט נאָר געוואָלט, וואָלט ער דאָך ניט געקומען צו דעם טרויעריקן צושטאַנד זיינעם. און חוץ דעם איז נאָך געשטאַנען אַ האַרבע פראַגע, צי ער וועט זיך וועלן לאָזן אַף די אויגן, נאָכדעם ווי זי האָט אים אַזוי אָן האַרץ אָפּגעזאָגט, און ער איז דורך איר צו דעם טרויעריקן צושטאַנד געקומען.

יאָ, זי וואָלט זיך געקאָנט אַן עצה געבן. זי וואָלט געקאָנט טעלעפאָניש אים אָנפרעגן, וואָלט ער איר שוין געזאָגט, צי זי קען קומען, צי ניט, האָבן דאָך אירע עלטערן איר געראַטן זי זאָל אַזוי טאָן. האָט זי אָבער טאַקע דערפאַר ניט געוואָלט „רופן“, טאָמער וועט זי קריגן אַן ענטפער אַף ניין. און זי האָט אים אומבאַדינגט געוואָלט זען... זי האָט זיך אַליין געוואונדערט, פון וואַנעט און פון וואָס עס איז גאָר פלוצים אַרויסגעוואַקסן אַזאַ אינטערעס צו אים און צו זען אים...

— פאָלג מיר, טאָכטער, — האָט אין איר אַריינגעטענהט די מוטער אירע, — איך זאָג דיר, אַז דו

פון די דאָזיקע כחות פאַר דער מענטשלעכער חברה.

און ס'איז לייכט מעגלעך, אַז גראָד אַזאַ דור, אַ דור=יתום, זאָל פון זיך אַליין קומען אַף אַ מחשבה פון אַן אַלטן נביא:

„און זיי וועלן צושמיסן זייערע שווערדן כדי צו מאַכן פון זיי אַקער=נאָפּל, און פון זייערע שפּיזן וועלן זיי מאַכן שנייד=מעסער פאַר תבואה.“

*

נישט נאָר די מה=מענטשן, נאָר אויך די פאַנטאַזיע=מענטשן שפּילן זיך אַרום מיט דער נשמה. אָט זאָגן זיי:

„די נשמה פון יעדער אומה האָט אירע פאַרבאָרגענע כחות, איר אייגענעם אור=הגנוז פון ששת ימי בראשית, אירע אייגענע געשיכטלעכע זונען=שטראַלן, וואָס האָט אין זיך אָנגעזאַפּט זייט איר באַשטיין, און זייענען אין אַ משך פון טויזנטער יאָר פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פינקלדיקע בריליאַנטן. און ווען עס קומט די רעכטע צייט, ווען אַ שטאַרק דערשייטערנדיק טרייסלט=אויף די דאָזיקע נשמה, דערוועקן זיך אין אים פלוצים אַלע פאַרבאָרגענע כחות. איר בלאַס ליכט פלאַקערט אויף, אירע בריליאַנטן קומען=אַרויס בולט, און ביי דעם שטאַרקן שיין פון איר פלאַקערדיק ליכט באַקומען זיי דעם רעכטן גלאַנץ“.

„והא=ראיה דאָס ומזומן=זיין פון יעדן איינציקן מפקיר צו זיין דאָס אייגענע לעבן פאַר דער טובה פון זיין אומה; והא=ראיה די מאַמע פון ספּאַרטאַ, וואָס אין יעדן דור און ביי יעדער אומה שטייט זי אויף, אין אַן אַנדערער צורה, תחית המתים, און ביים געזעגענען זיך מיט איר זון זאָגט זי אים אָן: „למען השם מיט דעם שילד אָדער אַף דעם שילד!“

און אָט זאָגן זיי, און זאָגן נאָך:

„די נשמה פון יעדער אומה איז געגליכן צו דוד המלכס פידעלע, וואָס איז געהאַנגען איבער זיין בעט און ווען עס איז געקומען חצות=לילה און אין דעם פידעלע האָט אַריינגעבלאָזן אַ ווינטל פון צפון=זייט, האָט די פידעלע פון זיך אַליין אָנגעהויבן שפּילן... איבער די סטרונעס פון דער דאָזיקער נשמה

בלאָזט אַצונד אַ מלחמה=ווינטל און עס צוגיסן זיך פון איר זיסע קולות, פון וועלכע זי אַליין האָט ביז אַהער גאָרנישט געוואוסט."

והא=ראיה: צדקה=חברות אָן אַ צאָל פאַר כל=ערליי מיני מלחמה=קאַליקעס, פאַר מלחמה=געפאַנגענע, אויסגערויבטע, אַוועקגעשיקטע און אַנטלאָפענע. בקיצור, די מענטשלעכקייט באָדט זיך און שווימט פשוט ארום אין אַ טייך פון מעשים טובים".

*

מען קען אַנדערש נישט זאָגן. בילדער מיט שיינער רויקער פאַרב. אָבער, דאַכט זיך, אַביסל ברוינלעך... אין דער נאָענט פונם מלחמה=פייער, פון דער גרויסער וועלט=שרפה, ווערט אָפטמאָל ביי פיל אַרומשטייענדיקע אויך דאָס געהירן אַביסל צוגעברענט. און ווען דאָס געהירן ווערט אַביסל צוגעברענט, באַקומט די פאַנטאַזיע אַ ברוינלעך=רויזיקע פאַרב און זי שפייט מיט גליענדיקע פונקען פון האַלב=אויסגעברענטע קוילן... און מיר פאַרגייט דער שאַרפער ריח, און מיר זאַטשמעליעט ער דעם קאָפּ... ביי די ווערטער „די נשמה פון יעדער אומה" פאַרבייסט יעדער פאַנטאַזיע=מענטש פון די פאַרשיידענע אומות די ליפּן. ער מיינט נאָר זיין אייגענע אומה און איר חברטע. די נשמות פון זיין אומהס שונאים איז ער ממילא מוציא פונם כלל...

*

**א**ור הגנוז", „פאַרשטיינערטע פינקעלדיקע בריליאַנטן אויך אָנגעזאַפּטע געשיכטלעכע זון=שטראַלן", „מוזיק=קולות פון דער נשמה=פידעלע". וואָס פאַר אַ ווערטער! כמעט אַליין פאַר זיך קלינגענדיקע מוזיק, וואָס בלישטשעט מיט אַ ציטעריקן גלאַנץ פון קריסטאַל=ריינע בריליאַנטן אין אַ פּאַלאַץ, וואָס איז אָנגעפילט מיט עלעקטרישע ליכט... אָבער — מיר זשומט פּחדימדיק אין די אויערן ביים קלאַנג פון דער דאָזיקער מוזיק. אָבער — מיר שווינדלט פאַר די אויגן ביי דעם דאָזיקן בלישטשען...

און איך ווענד=אָפּ מיין פּנים און — איך זע פאַר מיר שוואַרמען, שוואַרמען פון ראָבן, וואָס קומען אָנצופליען איבער

באַדאַרפסט נישט גיין צו אים. דו וועסט אים נאָר שיטן זאַלץ אַף די וואונדן.

און דער פאָטער האָט איר געזאָגט דאָס אייגענע.

און זי אַליין האָט דאָס ניט ווייניקער פון זיי פאַרשטאַנען. אָבער וואָס מער זיי האָבן אין איר אַריינגעטענהט, און וואָס מער זי האָט דאָס פאַרשטאַנען, איז ביי איר די נייגעריקייט צו זען אים אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער געוואַקסן. נאַטירלעך, ווען זי וואָלט געוואוסט, וואָס פון אָט דער באַגעגעניש וועט אַרויסוואַקסן, וואָלט איר שוין פאַרגאַנגען דער חשק צו גיין צו אים. נאָר וואָס האָט איר געקאָנט איינפאַלן? און ניט נאָר איר. נאָר אַ שרייבער מיט דער גרעסטער פאַנטאַזיע וואָלט ניט איינגעפאַלן צוצוגרייטן פאַר זיין העלדין אַזאַ מין סורפּריז און דורך דעם איר ברענגען צו אַזאַ צושטאַנד, אַז די זעלבע העלדין, וואָס האָט אָט דעם טראַגישן העלד אַזוי האַרצלאָז אָפּגעזאָגט, ווען ער איז געקומען צו איר און זי געבעטן, זי זאָל אים אַרויסראַטעווען פון זיין פאַרצווייפלטער לאַגע, איז דאָ פלוצים אַזוי צעטרייסלט געוואָרן, אַז זי איז אַפן אָרט גרייט געווען אָט דעם אינוואַליד זיך אַוועקצושיינקען מיט לייב און לעבן.

פאָרגעקומען איז אָט וואָס:

ווען זי האָט אָנגעקלונגען, האָט איר געעפנט די טיר אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק. דערזעענדיק אין אים אַ שטאַרקע ענלעכקייט צו איר באַקאַנטן, איז זי זיכער געווען, אַז דאָס איז דער פאָטער זיינער (זי האָט דעם פאָטער זיינעם קיינמאָל ניט געזען). און זי האָט באַ אים אַ פרעג געטאָן:

— קען איך זען האַרין?

גלייך אין דעם ערשטן מאָמענט, ווען זי האָט אַ פרעג געטאָן, האָט זי עפּעס אַ מאָדנעם אויסדרוק אַף זיין פּנים באַמערקט... און הגם עס איז איר נאָך ניט איינגעפאַלן אַז דאָס איז דער, אַף וועמען זי פרעגט זיך נאָך, איז שוין באַ איר אין קאָפּ עפּעס אַ צוטומלעניש געקומען, פונקט ווי מען וואָלט אין איר מוח פון אַ ניט=אונזעבאַרן אָרט געוואָרפן פאַרשידנאַרטיקע שיינען. אַלץ אַרום איר האָט זיך אָנגעהויבן וויגן און דרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף. און אין דער שווינדלעניש האָט זיך פלוצים אַריינגעריסן עפּעס אַן אומבאַוועגלעכע און לייגלעכע שטיק פינסטערניש, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ האַנט וואָס איז געווען אַריינגעשטעקט אין דער קעשענע פון אַ פּאָר הויזן, מיט פיס פון עפּעס זייער אַ נאָענט באַקאַנטן מענטשן. און זי קאָן זיך נאָך נישט כאַפּן, ווער ער איז, אָט דער באַקאַנטער... און ווען דאָס שווינדלעניש איז פאַרשוואונדן געוואָרן, און איר איז קלאָר געוואָרן דער טעות וואָס זי האָט געמאַכט, האָט זי אויסגעבראָכן מיט אַ היסטערישן געוויין.

— האַרי! זײַ מיר מוחל!
און בעת זי האָט זיך אַזוי טראַגיש געבעטן בײַ אים, ער זאָל איר פאַרגעבן, האָט זי אַליין ניט געוואוסט, אַף וואָס זי בעט בײַ אים מחילה, צי אַף דעם, וואָס זי האָט אים נישט דערקענט, צי אַף דעם, וואָס ער איז אַ חאַנק איר געקומען צו אַזאַ צושטאַנד, אַז ער זאָל זיך אַזוי פאַרענדערן ביז צום ניט דערקענען. יאָ, זי האָט אַליין אין דעם מאָמענט ניט געוואוסט, אין וואָס עס שטעקט מער טראַגיזם, צי אין דעם, וואָס ער האָט זיך פאַר די עטלעכע חדשים אַזוי געענדערט, צי אין דער האַנט, וואָס האָט אומבאַוועגלעך געשטעקט אין דער קעשענע פון די הויזן. איינצייטיק, ווי זי האָט די ווערטער אויסגעשריען, איז אי סאיבערגעביק אַפן האַלז געפאַלן און הייס געטוליעט צו אים איר פּנים און אויגן, און מיט גרייטקייט צו באַצאָלן אים מיט לייב און לעבן טאַקע דערפאַר, וואָס זי האָט זיך פריער אָפּגעזאָגט אָט דעם קרבן פאַר אים צו ברענגען, האָט זי זיך געטוליעט צו אים אַלץ פעסטער, ניט ווייסנדיק און ניט קאָנטראָלירנדיק זיך וואָס זי טוט און צו וואָס דאָס קאָן ברענגען.
יאָ, אין דעם מאָמענט איז גאָרנישט געווען קיין צו טייערער פּרייז בײַ איר, וואָס איז אָפּגעהאַלטן ניט צו באַצאָלן פאַר דעם, וואָס ער איז דורך איר צו אָט דער טרויעריקער לאַגע געקומען. פרעגט זיך, פאַרוואָס האָט זי דאָס פריער ניט געטאָן? פריער, ווען ער איז געווען אַ מענטש מיט אַלע מענטשן גלייך, וואָלט זי נאָך אַ סך קלענערן קרבן באַדאַרפט געווען ברענגען. קען מען עס דאָ פאַרענטפערן מיט אַ קורצן ענטפער: רחמנות! אַז זי האָט אים דערזען אין אַזאַ צושטאַנד, האָט אין איר אויפגעוואַכט דאָס געפיל פון רחמנות, און קיין קרבן איז איר ניט שווער געווען. און דאַמאָלט, ווען זי האָט געזען פאַר זיך אַ געזונטן מענטשן, איז דאָס האַרץ אירס געבליבן טויט און שטום צו זיין געבעט. איז דאָס נאָך פאַרשטענדלעך, און מען וואָלט דערמיט געקאָנט פאַרענדיקן די מעשה. האָט זיך עס אָבער אַזוי נישט געענדיקט. און איך וויל בלייבן געטריי דער ווירקלעכקייט און דערציילן ווי יענער האָט עס מיר דערציילט (און דאָס מיינט אַזוי, ווי עס איז ווייטער פאָרגעקומען).
און פאָרגעקומען ווייטער איז אָט וואָס: אין אַ פּאָר חדשים אַרום, ווי זי איז זיך אַף אַ געזעצלעכן וועג מיט אים צונויפגעגאַנגען, האָט זי אַפן ברוטאַלסטן אופן אָנגעהויבן צו פעלשן אָן אים. ברוטאַל און ציניש אין דער הינזיכט, וואָס זי האָט עס נישט אויסבאַהאַלטן פון אים. ווען ער איז צו איר צוגעשטאַנען איין מאָל און אַ צווייטן מאָל, זי זאָל אים זאָגן וווּ זי פאַרברענגט אָוונט נאָך אָוונט ביז צוועלף — איינס בײַנאַכט, האָט זי אים פשוט און



הויכע בערג און לאָזן זיך אַראָפּ טיף, טיף, אין אַ טאָל אַרײַן.

איך קוק אַראָפּ אין דעם דאָזיקן טיפן טאָל און בין אַ פאַרשטאַרטער פון שרעק. דאָרט אונטן, טיף, טיף, זעט זיך דער שטח פול באַדעקט מיט טויטע מענטשלעכע גופים פון חיילות פון פאַרשיידענע אומות. אַף יעדן פּגים נאָך פריש אויפגעדרוקט די סמנים פונם לעצטן ראַנגלען זיך ביי יציאת־נשמה. איינגעצויגענע שטערן־שלייפן, ארויסגעסטאַרטשעטע אויגן, פאַרקרימטע נאָזשפּיצן, די אויבערשטע ציין אריינגעביסן אין דער אונטערשטער ליפּ און איינגעקלעמט מיט די פינגער אין דער דלאָניע פון דער רעכטער האַנט אַ שאַרפער באַיאָנעט...

אַף די אַרומיקע הויכע בערג און אין טיפן טאָל איז רואיק, שטיל אַזוי ווי די גאַטור זאָל האָבן אַף אַ קליינער רגע איינגעצויגן איר אָטעם, פון דרך־ארץ פאַר דעם מלכות פונם מאַסן־טויט. אָבער — די מוראדיקע רו איז פאַר אַ געוואַלדיקן שטורם. עס פלייצט, עס דונערט, שפּער־פייער, טראָמל־פייער, מינען שפּרייזנגען... דער טאָל פילט זיך אָן מיט נייע שורות, שורות פון הרוגים. עס פילט זיך אָן איין שורה איבער דער אַנדערער. אָט, אָט דערגרייכט דער הויפן די שפּיצן פון די בערג.

שטנס קאַרליקעס שטייען אַף די בערג. זיי שטרעקן זיך אין דער הויך, ווי פלוצלונג־אויסגעוואַקסענע ריזן.

און פלוצלונג דרינגט זיך דורך אַ שטורם־ווינט דורך די פעלזן ווענט פון די דאָזיקע בערג און ער וואָיעט און ער פייפט מיט אַ יאָמערלעך קול זיינע קלאָג־לידער און ער בלאָזט זיינע שברים־תרועות אין דעם הויפן פון די הרוגים... און די הרוגים הויבן זייערע קעפּ און פון זייערע גלעזערנע אויגן וואַרפן זיי אימהדיקע בליקן אַף די שטנים... און דער שטורם־ווינט פאַרשטאַרקט זיין יללה. פאַר זיין פּחדימדיק קול דערציטערן די בערג. און — עס שלײַדערט די שאָטנס אין פּנים אַרײַן אַ רעגן פון אמת־פינקלענדיקע מלחמה־בריליאַנטן: פאַרשטיינערטע טרערן פון אלמנות און יתומים...

פראסט געזאגט, אז זי האט זיך דארטן ערגעץ איינעם, מיט וועמען זי פארברייגנט די אפדערנאכטיקע שעהן אף א גאנץ אינטימען אופן.

און דיזעלבע, וואס איז דעמאלט דאס ערשטע מאל געקומען צו אים און איז אזוי גערירט געווארן פון זיין טראגישן צושטאנד, און זי האט זיך אים אפן האלז געווארפן און געבעטן בא אים מחילה פאר דער עולה, וואס זי איז אנטקעגן אים באגאנגען (הגם קיינעם האט ניט געקאנט איינפאלן, אז זי איז אן עולה באגאנגען דערמיט, וואס זי האט זיך ניט געוואלט פארבינדן מיט איינעם, צו וועמען דאס הארץ אירס האט זיך ניט געווענדעט), זי האט זיך איצט צו דעם זעלבן אינוואליד פארהאלטן אזוי ברוטאל און ציניש, אז ניט נאר ער, נאר יעדער איינער וואלט געשטוינט. זי האט אים דוקא נאר געוואלט איבערצייגן, אז זי מאכט מיט אים קיין שפאס ניט. און מורא האבנדיק טאמער איז ער נאך אלץ ניט איבערצייגט אין דעם, וואס זי האט אים דערציילט, האט זי זיך אויסגעפוצט (דאס איז געווען אין אוונט), זיך אנגעפארבט די ליפלעך, און פארן אוועקגיין געזאגט צו אים מיט א חוצפהדיקן טאן און אינטריגאנטיש פארבלישטשענדיק די בלויע אויגלעך:

— דו זאלסט דא ניט זיצן און ווארטן אף מיר, דו הערסט? ווייל איך ווייס ניט, צי איך וועל היינט קומען נעכטיקן...

דער אומגליקלעכער מאן איז געווען מער דערשטוינט אין דעם מאמענט, ווי אומגליקלעך. די גאנצע באנעמונג אירע האט געמאכט אף אים אן איינדרוק, ווי זי וואלט זיך פאר א ציל געשטעלט קאליע צו מאכן די פריערדיקע נאבעלע האנדלונג אירע. אנדערש וואלט זי אים דאך געקאנט באטריגן און אים זאל אפילו ניט איינפאלן, אז זי טוט עס... ער וואלט נאך געקאנט פארשטיין, ווען אימיצער, א שטייגער, וואלט געווען אף איר מיט גוואלד ארופגעצוואונגען, זי זאל מיט אים חתונה האבן. איז זי דאך אליין געקומען צו אים און האט זיך אים אפן האלז געווארפן... פארוואס דעמאלט אזא אפפערוויליקייט און איצט אזא ברוטאליטעט?

ער האט ארייגעשלונגען אין זיך אריין מיט אזוי פיל אומגליק, ווי דאס קען בלויז אזא אומגליקלעכער און געפאלענער ווי ער. אבער אינערלעך האט אלץ און דאס גאנצע וועזן זייגס געשטורעמט מיט האס און צארן קעגן איר. און מאמענטנווייז האט זיך אים געדאכט, אז אפילו די טויטע האנט זיינע איז אנגעגריפן געווארן מיט א שטילן, אומבאוועגלעכן לעבעדיקן טרויער. און עס איז אים אין דעם מאמענט ארייגן אזא געדאנק ארויסצושלעפן מיט דער לעבעדיקער האנט די טויטע פון קעשענע ארויס און געבן איר א פאטש איבער אט דעם אויסגעצאצקעטן



# מלחמה-הומאר

## געזאמלט פון ז. בראפקאווסקי

*

אין א קליין שטעטל האט א איד געהאלטן א בעקעריי אונטערן נאמען „ניעמעצקאיא בולאטשנאיא“. ווי נאר עס האט אויסגעבראכן די מלחמה קומט צו אים דער פריסטאוו:

— „ניעמעצקאיא — זאמאראי! —

דער איד האט איבערגעפארבן ניעמעצקאיא אף ווארשאווסקאיא.

נעפאלן ווארשע — קומט ווידער דער פריסטאוו:

— „ווארשאווסקאיא“ — זאמאראי! —

דער איד האט איבערגעמאכט אף „קאווענסקאיא“.

געפאלן קאוונע — ווידער זאמאראי!

דער איד האט אים איבערגעמאכט אף „ווילענסקאיא“.

דערנאך אף „ריזשסקאיא“, ביז וואנעט ער איז סוף כל סוף צוגעשטאנען...

אז עס איז געפאלן ריגע, קומט ווייטער דער פריסטאוו. „ריזשסקאיא“ — זאמאראי!

— גוואלד, פריסטאוול, איך האב שוין מער קיין כח ניט איבערצומאכן!

— שווייג, זשידאווסקע מארדע: דו וועסט נאך בא מיר רייד̇ן? טויזנט מאל וועסטו נאך בא מיר איבערמאכן!..

*

פרעכן פנים אירן. און געלוסט האָט זיך עס אים טאָן ניט אַזוי פאַר דעם וואָס זי פאַרראַט אים, נאָר דער־פאַר, וואָס זי טוט עס בייזווילליק, ווי בלויז ווייל זי ווייל אים צו להכעיס טאָן.

און דאָך איז ער ביז איינס אַזייגער נישט געגאַנגען שלאָפן. ער האָט אַלץ געהאָפט, אַז זי וועט קומען צו דער צייט, ווי זי קומט אַלעמאָל, ווען זי גייט אַוועק. כאָטש עס איז דאָך געווען אַלץ איינס. סאַי ווי, אַפילו ווען ער וואָלט געגאַנגען אין בעט אַריין, וואָלט ער אויך ניט געקאָנט איינשלאָפן...

ערשט האַלב איינס האָט ער זיך, ווי ער שטייט און גייט, אָפּן ניט ־ געבעטן בעט אויסגעצייגן און ערשט אין דער פינסטער האָט ער בולטער געזען דאָס ווייב אין פאַרשיידענע סצענעס און וואַריאַ־ציעס און געווען איז ער אונטערן איינדרוק, אַז אַפי־לו דאַרטן, כאָטש ער איז ניטאָ דערביי, טוט זי דאָס אַלץ אים אַף צו להכעיס.

ער האָט זיך געוואָרפן אין גרויסע ווייטיקן, ווי אַ צעטעכערטע שלאַנג, וואָס ניט האָבנדיק די מעג־לעכקייט אַריינצולאָזן גיפט אין דעם, וואָס האָט זי צעטעכערט, לאָזט זי אַריין דעם גיפט אין אירע אייגענע שטיקער, אַזוי האָט ער מיט יעדן בילד, מיט יעדער סצענע, וואָס ער האָט זיך אויסגעמאָלט פאַר די אויגן, אַריינגעלאָזן אין זיך אַ נייע דאָזע סם. און וואָס עס איז אַוועק מער אַ מינוט, אַלץ אופגערעקטער און אופגערעקטער איז ער געוואָרן, אַז עס האָט אים ממש פון בעט געטראָגן.

ער איז געלעגן אַזוי לאַנג, ביז ער איז אַנדרעמלט געוואָרן. ווי לאַנג דער דרעמל האָט גענומען, האָט ער ניט געוואוסט. ווען ער האָט זיך אופגעכאַפּט, האָט ער פון דרויסן דערהערט, ווי אַ פערד שפּאַנט מיט האַרטע מיושבטע טריט... שפּאַנט פון דער נאַכט אַרויס אין פאַרטאָג אַריין, און יעדער טראָט זיינער ווערט האַרט און מיושבדיק איינגעצילט אין דער פאַרטאָגעדיקער שטילקייט... און געהאַט האָט ער אַ נעבלדיקע פאַרשטעלונג, אַז דאָס שפּאַנט זיך ערשט אַוועק דער נעכטן, דער גרויסשטאָטישער נעכטן... ער שפּאַנט און שפּאַנט, ביז וואַנעט די טריט זיינע ווערן פאַרשלונגען, און... דער נייער טאָג האָט מיט וואַסערדיק ־ מילכיקער גרויקייט זיך אין די פענסטער באַוויזן...

און דאַ איינצייטיק האָט זיך אין טיר דערהערט, ווי עס שטעקט זיך אַריין מיט היימישקייט אַ שליסל, מיט יענער היימישקייט, ווי דאָס קאָן טאָן בלויז אַ באַלעבאָסטע, וואָס קומט צו זיך אין הויז אַריין, און ער (אָדער זי) באַדאַרף פאַר קיינעם ניט אָפּגעבן קיין רעכענונג, וואו ער (אָדער זי) האָט די נאַכט פאַרבראַכט. און אַזוי גלייך, ווי זי איז אַריין, האָט זי געגעבן אַ דריי אוף די עלעקטריש, ווי זי וואָלט גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז אימיצער גע־

אַ יונגער טאַטע איז געקומען צום רב, צום קאַזיאָנער ראַבינער, הייסט דאָס, פאַרשרייבן זיין נייגעבאָרענעם ערשטן אינגעלע.

— ווי גיט איר מיר, רבי, אַן עצה? ווי פאַרשרייב איך אים אין מעטריקע, דעם זונעלע מיינעם?

פאַרשרייב איך אים עלטער מיט אַ יאָר, האָב איך מורא, אַז אים זאָל שווער זיין אָנצוקומען איבער די יאָרן אין אַן אוטשעבנע זאַוועדעניע דערנאָך..

— פאַרשרייב איך אים מיט אַ יאָר אינ־גער — היינט טאָמער ווערט געבאָרן נאָך איינער דערווייל, וועט ער דאָך אים, „די לאַהאָטע צושיסן".

— און טאָמער וואָלט איר אים גאָר פאַרשרייבן אַזוי ווי ער איז, די אמתע יאָרן?

דער איד איז אַביסל בטול געוואָרן:

— האַ? ווי זאָגט איר? די אמתע יאָרן? זעט, אַף דעם שכל בין איך גאָרניט גע־פאַלן...

*

אַ אידל האָט זיך אין דער מלחמה־צייט אַריינגעכאַפּט ניט אין אַ שיינער זאַך.

— ווער ביסטו?

— אַ ביעזשענעץ!

— פון וואַנען?

— פון קאַטערינאָסלאַוו!

— וואָס הייסט פון קאַטערינאָסלאַוו? פון קאַטערינאָסלאַוו לויפט מען דאָך אָבער ניט?

— איך האָב אָבער געמוזט לויפן, ווייל איך האָב דאָרטן פאַרכאַפּט די געלט אין קאַסע...

*

אַז די מאַזורער אַזיערעס האָבן גענומען פרירן, האָבן די דייטשן גענומען לאָזן אייזברעכערס איבער זיי, כדי שטענדיק צו האַלטן זיי אָפן, כדי די רוסן זאָלן ניט אויסנוצן דעם אייז אַף אַריבערצו־כאַפּן זיך איבער אים אין מזרח־פּרייסן. מיטלען האָבן אויך אָנגענומען די רוסן, בשעת עס האָט גענומען פרירן די דווי־נאַ באַ דוויגאַווּפילס. צו יענער צייט פלעגט מען כאַפּן עולם „אַף אָקאָפּעם". לצים האָבן גלייך געפּאַקט דעם טראַף, אַף וואָס מען דאַרף דאָס אַזוי פיל מענטשן... אַף וואָס כאַפּט מען דאָס דעם עולם אין די גאַסן?

— אַף וואָס? דאָס שיקט מען זיי אונטער דויגאַוופּילס צו בלאָזן אַף דער דווינאַ, אַז זי זאָל ניט איינפרירן... דער דייטש זאָל זיך ניט אַריבערכאַפּן איבערן אייז.

*

פאַרוואָס פלעגן די רוסן פאַרלייקענען די צאָל געפאַנגענע, וואָס מען פלעגט באַ זיי פאַרנעמען?

חברה לצים האָבן דאָ געכאַפּט אַ שפּיצל — אַ ריין סטראַטעגישן:

— ווייל מיט די געפאַנגענע מיט אונזערע ווילן מיר ביסלעכווייז פאַקטיש פאַרנעמען די לאַנד באַ דעם שונא, האָבן מיר פּחד, אַז דער דייטש זאָל זיך ניט כאַפּן, אַז מען פירט אים אין באָד...

*

אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן זיך געפונען בטלנים—מאַטעמאַטיקער, ווייסע בילעטניקעס, געזויינלער, אָדער סתם ליידיקגייער, וועלכע זיינען ניט פויל געווען צו פירן אַ שטרייגנגען חשבון פון דער צאָל געפאַנגענע סיי פון איין צד, סיי פון יעם אַנדערן. שוין אין עטלעכע חדשים אַרום, זינט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, האָבן זיי אופגעוויזן אַ רעכענונג, אַז די מלחמה איז שוין אייגנטלעך פאַרענדיקט.

על־פּי אַריפמעטיקע איז דער דייטש שוין אַן אויסגעפאַנגענער אינגאַנצן: מיטן לאַנדווער מיט זיינעם, מיט האַק און פּאַק...

*

ווילנע. פון דאַנען פירט מען אַריבער דעם דראַגונער־פּאָלק אין וואַרשע...

וואַרשע. פון דאַנען פאָרט־ארויס דער הוסאַרן־פּאָלק קיין ווילנע...

— זאָג מיר, חיים, וואָס איז דער חילוק צווישן דראַגונער און הוסאַרן?

— דער חילוק איז אין די הויזן: די גייען אין בלויע הויזן און יענע — אין געלע...

— אָט זיינען פּראָים! האָט מען דאָך געקענט אַריבערשיקן מער ניט ווי די הויזן אַליין און ניט מטריח זיין די מענטשן?

— מיינסטו דאָך אָבער, אַז „זיי“ זייגען שוין גאָר נאַראָנים? און אין וואָס וואָלט דערביי דער עולם געבליבן?..

*



פינט זיך אַהיץ איר אין הויז. און אַז זי קען ווען שטערן דעם שלאָף. און אַזוי גלייך, ווי זי האָט אים דערזען, האָט זי אַ זינגעלע אַרויסגעלאָזט. וואָס האָט אים דערמאָנט אָן אַ מאָסקיט, וואָס מיינט מיטן געזאַנג ניט צו זינגען, נאָר צו בייסן און בלוט צו צאַפּן...

און דאָך האָט זיך אין אים עפּעס אופגעכאַפּט. פונקט ווי עס כאַפּט זיך מיטאַמאָל אוף אַ פלאַם אַף אַן אָרט, וואו עס האָט לאַנג אַ פייער געטליעט, אַזוי האָט זיך אין אים אופגעכאַפּט אַ פייערדיקער צאָרן. אָבער ער איז דאָך אַלץ געלעגן און ניט גערירט זיך פון אָרט. און זי האָט זיך פאַרנומען מיט אַראָפּוואַרפן פון זיך די פאַראַדנע קליידער. און געדאַכט האָט זיך אים, דעם מאַן, אַז זי וואַרפט דאָ איצט אַראָפּ פון זיך דעם יום־טוב פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט, וואָס זי האָט פאַרבראַכט מיט אַ פרעמדן מאַן... און מיט יעדן שטיקל הלבשה, וואָס זי האָט אַראָפּגעצויגן פון זיך, האָט זיך אים געדאַכט, אַז זי מאַכט זיך אַלץ וואָכעדיקער און וואָכעדיקער פאַר אים, פאַר איר אייגענעם מאַן.

עס האָט אים איינמאָל און אַ צווייטן מאָל אופגעהויבן פון זיין געלעגער. אָבער פילנדיק, אַז ווען ער וועט זיך פון בעט אופהויבן, וועט ער מוזן ווערן אַקטיוו, און ניט ווייסנדיק, אין וואָס די אַקטיוויטעט וועט זיך אויסדריקן, איז ער ווייטער געבליבן ליגן. נאָר ווען זי האָט אַרופגעכאַפּט אַף זיך די קימענע און האָט זיך אַוועקגעשטעלט באַם אָפענעם פענסטער מיט הינטן און פלייצע צו אים, איז ער מיט אַ לייכטן, קעצישן שפּרונג האַסטיק צו איר צו און זי געגעבן פעסט אַ כאַפּ אַרום מיט דער איינער האַנט אַרום אירע שלאַנקע נאַקעטע פיס. ער האָט זי געגעבן אַ הייב אונטער און אַ זעץ אַרויס אין דרויסן...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייל זי איז געפלויגן פון צווייטן גאָרן, איז זי ניט דערהרגעט געוואָרן. וואָס אַנבאַלאַנגט אים, האָט ער עס ניט אויסגערעכנט. ער וואָלט זי געוועזן געוואָרפן אַפילו פון צענטן שטאָק. סיי ווי איז ער געוועזן זייער צופרידן, וואָס זי איז ניט געטויט געוואָרן, נאָר איז פאַרבליבן אַ קריפּל אַף איר גאַנצן לעבן (זי האָט זיך אויסגעבראָכן אַ פוס, און מען האָט איר געמוזט דעם פוס אַראָפּנעמען).

נאַטירלעך האָט ער געהאַט אַ פּראָצעס אַף זיך. די געשוואָרענע ריכטער האָבן אים אָבער באַפרייט. נאָכדעם ווי דער פאַרטיידיקער האָט קלאָר אַוועקגעשטעלט פאַר זיי דאָס גאַנצע בילד, ווי דער באַשולדיקטער האָט עס פאַר אים פאָרגעשטעלט, און האָט אויסגעמאָלן פאַר זיי אין העלע פאַרבן דעם גייסטיקן צושטאַנד זיינעם אין יענעם מאָמענט, אַז ער האָט אַנדערש נישט געקאָנט און געמוזט אַזוי האַנדלען...

# *IN JENE TEG*

# *(TANĪS DIENĀS)*

*Almanachs — A. Jakubovīča kopots un rediģēts*

**1937**

*Izdevniecība »Žīdu Kara Invalīds«, Rīgā, Blaumaņa ielā 21, dz. 11.*
*Iespiests akc. sab. »RITI« grāmatu spiestuvē, Rīgā, Dzirnavu ielā 57.*